דער אוצר פון קלאסישע ליטעראטור

# „הויז-פריינד"

## א היסטאריש-ליטעראַרישעס בוך:

1) ערצעהלונגען, סקיצען, געדיכטע, ראמאַנען און פעליעטאנען פון דעם יודישען לעבען.

2) היסטארישע און וויסענשאפטליכע אַרטיקלען, רייזע בעשרייבונגען אין די ווייטע לענדער, ערצעהלונגען פון דער נאטור-געשיכטע, נוצליכע ידיעות וואס יעדער מענש דארף וויסען אין זיין הויז, און פאמיליע.

3) לעבענס-בעשרייבונג פון גרויסע לייט.

4) נייע ערפינדונגען, אנעקדאטען, שעהנע מעשיות, גלייכע ווערטלעך, שכל־דיגע רייד פון גרויסע לייט און פון תלמוד.

רעדאגירט פון

# מ. ספעקטאר.

IV-טעס בוך.



פערלאג „פראגרעס" ווארשא.

תרס"ח.

ДЕРЪ ГАУЗФРАЙНДЪ

Историко-Литературный Сборникъ

Томъ IV

ВАРШАВА, 1908.

Типографія Б. Турша, Налевки № 7.

# אינהאַלט פון פיערטען בוך:



---



# די אַלטע מעשׂה.

פון

## מענדעלי מוכר־ספרים.

אָמר מענדעלע מוכר ספרים, די מעשׂה וואָס איך בין דאָ אויסען אייך צודערצעהלען, איז אין־פּלינג איין אַלטע, נאָר נישקשה, רבותים, ווי פאַסט זיך זעהר גוט צו אונז, יודישע קינדער, אויך אין היינטיגע צייטען. מה אָנו מה חיינו, וואָס איז דען, פרעג איך אייך, דאָס יודישע לעבען אין־גאַנצען? עס איז אין תּוך אַריין אַ לאַנגע אַלטע מעשׂה, וואָס הורט זיך תּמיד איבער אויף־דאָס־נייא אונטער פאַרשידענע פאָרמען און אָנשטעלען, לויט דער מאָדע פון איטליכער צייט. אַלץ באַקי די איינענע מעשׂה מיט די בהלות, אָנשיקעניש, קוועטשעניש, יאָגעניש־לויפעניש, מיט דעם דולעניש, שפּאַרעניש, פלאָנטעניש, אויפטהועניש, דרינגעניש, בייסעניש און קאָפּדרייהעניש. איטליכער דור מיט זיינע חכמים. גוטע, פרומע, ווי אויך אָפּגעקומענע, געפאַלענע, געשלאָגענע נעביך, און מיט זיינע נאַראָנים, אויפגעקומענע, געהייבענע עזות פּנימער, עמי־הארצים, קאָבלעפּעל און דרעהער אַ שרעק, יענער קרח, וואָס אַ מאָל, דער רייכער, דער רעדעלפיהרער, דער אָנחאַפּער, וואָס האָט זיך געשטופּט צו דער כּהונה, צוזיין דער עלטסטער, דער העכסטער — דער קרח איז דאָ נאָך היינט אויך, ער הייסט יענקיל, בעריל, יאָצמיך, שמעריל, מיט אַ נייעם מין פּיטץ; ער שטופּט זיך אויך אויבענאָן און וויל זיין דאָס אויבערשטע פונם

שטייסיל. יענער פארצייטיגער סנבלט מיט דער כנופיא רכילותניקעס, ליגנערס־פלאטקעמאכערס, בריות איף אפצוזאגען אויף דעם אויף יענעם א פזמון, א כלבול, ניט פויל אויף דער פען אנצושרייבען א שיר־המעלה, צולייגען א קנייטעל, כדי צושטערען דער מיט א געביא — יענע פיינע לייט, נישקשה, האט דער רוח נישט צוגענומען ביי אונז אויך אצונד. זייא זענען דא, זייא וואקסען און שפראצען, ברוך־השם! דער שפיטץ איז טאקי וויא דער פסוק זאגט: מה שהיה, דאס וואס איז געשעהן הוא שיהיה, דאס וועט זיין, נישטא קיין נייעס אונטער דער ליכטיגער זון, יש דבר, ס'איז דא א זאך — קאלאניעס א שטייגער — שיאמר, וואס מען זאגט: זעה, דאס איז נייעס! ניין ברידער, כבר היה, דאס איז שוין לאנג געוועזען אויף דער וועלט, קוקט זיך, זייט מוחל גוט צו צו דער מעשה דא וועט איהר זעהען, אז יודען איז שוין לאנג דער קאפ געלעגען אין דער ערד... איהר וועט אויך זעהען, אז אזוי וויא איטליכע שטאדט האט איהר משוגענעם, איהרע ווייסע חברה, קונדסים ארום איהם, אזוי האט זיא איהר חכם, איהר בעל־עצה און איהם אקעגען איהר ווילדען תקיף, א פיינע־בריה, וואס וויל, אויף־צולהכעיס, אלץ פארקעהרט, אלץ קאפויר, און איבער דעם איז — אוי, אז אך און וועה צו אונז!...



## I.

דער חכם און בעל עצה אין אונזער שטעטיל איז געוועזען בנימין דער מענש, פארשריבען איז ער געשטאנען אין דעם רייסטער פון דיא נפשות מיט דער פאמיליע קורנאסע. מעגליך, אז יענע, פון וועלכע דער שפיטץ־נאמען זייגער שטאמט, האבען געהאט קורצע נעז, נאר אונזער בנימין'ס נאז איז געוועזען נישט ערגער פון אלע יודישע נעז — א לאנגע מיט א האָרבינקעל און אויסלאָזענדיג זיך בארג־אראב מיט א שפיטץ. דיא פאמיליע זיינע איז אבער געשטאנען טאקי נאר אין רייסטער און געהייסען האט ער געוועהנטליך בנימין דער מענש. בנימין האט א מאל ביים בעריהמטען גביר ר' יונה יהופיצער געהאט א שיינע שטעלע און איז היבשע עטליכע יאהר אוועקגעוועזען ביי איהם א מענש. אז דעם גבירס געשעפטען האבען זיך אויסגעלאזט און בנימין ווערד אויס מענש, איז דער נאמען מענש פין־דעסטוועגען איהם טאקי געבליבען, אין שטעטיל האט זיך בנימין גערעכענט איינער פון דיא שיינע, יוסטע בעלי־הבתים, זיין שטוב מיט א גרין גאניקעל און א הויכען דאך פון שינדלען איז געשטאנען אין מיטען מארק, פונקט אקעגען דעם רינג קלייטען. שרה זיין ווייב, א הויכע, א דארע יודענע מיט א לאנגער דינער נאז, מיט עטליכע שנירליך פעריל און א גילדענעם אויבעל אויפן האלדז, תמיד אין דערוואכען אפילו, פלעגט זיך אפגעבען מיט דעם בעל־הבתישקייט, ציהען דיא פרנסה פון א געהייבען שיינקיל ביי זיך אין שטוב, וואס חוץ בראנפין און פארבייסען האט זיך ביי איהר געפונען ביער, מעד, ווישניק און א געבראטען גאנזיל אויך. דעם סוד פון זייערע אוגערקעס שטעלען האט זיא אליין נאר געוואוסט: איהר אוגערקע איז געוועזען הארט, שטייף, נישט געבייטעלט. ביי איהר אין שיינקעל האבען געטרינקען דיא "פ נ י ה ע י ר": דער צעכמייסטער, דער גאלאווא מיט דעם שרייבער און נאך אזעלכע געהייבענע פארשוינען פון זייער קהל. "סארקע" איז ביי זייא גאר קיין קאטאוועס נישט. נאר עפים — איז צו "סארקען", פון "סארקעס" א שטיקעל געפילטע פיש לעקען וויא דיא פינגער. פאר סארקען איז, בשעת האבענדיג א כוסה אין קאפ, אפען זייער הארץ, וואס אויף דער לינג, דאס אויף דער צינג. מען האט מיט איהר אפט דענסטמאל א וויכוח איבער דער "נ א מ נ ה", עס לאזט זיך געוועהנטליך אויס מיט נאך א פלעשיל משקה און מען פסקעט מיט א גוט, זיס שמייכעלע: אלע "נאמנה'ס" זענען גוט, אונזערע, אייערע אלץ איינס... אויך חברה־קדישא לייט, להבדיל, אדער עפים אונזערע קהלס־לייט, אז זייא האט א מאל געחאלעשט דאס הארץ און האבען זיך געוואלט אביסעל קוויקען געביך, פלעגען זייא שיקען געהמען משקה מיט א גענזיל ביי שרה בנימינס. שרה איז געוועזען דיא אשת־חיל און בנימין האט אין דיא עלטערע יאהרען זיך געפיהרט א רוהיג לעבען, אהן קאפדארעניש, קינדער זענען איהם נישט בעפאלען. זיינע דרייא טעכטער האט ער שוין לאנג אויסגעגעבען און זייא האבען געלעבט מיט דיא מאנען צופרידען, וויא גאט האט געבאטען. ביי זיך האט ער געהאט נאר איין־איינקעל, א יונג מיידיל,

וועהר אשיינס, א געראטענע קינד וואס איז קינדהייט געבליבען א יתומה נאך זיין איינציגען זוהן. זיא איז איהם געוועזען א טרייסט, איינגעבאקען טיף אין הארצען.

בנימין האט געהערט צום סארט איידעלע יודען, וואס דאס איידעלקייט ליגט זייא אויפן פנים, מען דערקענט באלד אין זייער אויסזעהען, אז זייא שטאמען פון א פיינער משפחה, דיא תורה שיינט זייא ארוים אין דיא אויגען און אויף דעם הויכען שטערען שטעהט זייא אנגעשריבען: דאס זענען גאנץ אלטע, אפגעקומענע מיוחסים פון דער גילדענער פאן — קינדער פון דיא הייליגע אין דער גאנצער וועלט בערימטע, טהייערע אבות: אברהם, יצחק און יעקב!....

בנימין איז אויך געוועזען א „פאליטישנער" מענש, א קלוגער, א געניטער, ער האט בעטראכט א זאך גאנץ רוהיג, בפשטות, אזוי וויא זיא איז, זיך קיינמאל נישט געהיצט, נישט פארגרעסערט וויא אנדערע און געגאנגען תמיד מיט זיין אייגענעם דרך. זיין שטייגער ריידען איז געוועזען שטיל, עפיס אויף א בנעימות-הייזעריגליכער שטימע: האט דערבייא אנגעבויגען דעם קאפ מיט האלב-צוגעמאכטע אויגען. גערעדט האט ער קורץ און שארף, אריינווארפענדיג א משל, א ווערטיל וויא א בליטץ, וואס האט גע-טראפען און געפאסט צום עסק. ער איז געוועזען א שוואכער מענש און האט געלעבט דעריבער זעהר בערעכענט, אפגעהיט דאס געזונט. אין בית-מדרש פלעגט ער קומען דאווענען נאר שבת, וועהר זעלטען אין מיטען דער וואך, אי דאס אויך נאר פארנאכט א מאל צו מנחה. דארט האט ער זיך נישט געשטופט אויבענאן, אין דער מזרח וואנד, זיין ארט איז געוועהנטליך געוועזען אונטערן אויבען. מיט בנימינס קומען פלעגט דער אונטער-אויבען עפעס וויא בעלעבט ווערען. ארעדיל מענשען פלעגען תמיד שטעהען ארום זיין שטענדער און עס האט זיך געשמועסט עפיס אזוי גוט, עפיס אזוי געשמאק...: און צוליב בנימינ'ן האבען גרשון-אייזיק און דוד-אבא, צוויי שטיקליך חקרנים, פארלאזען זייערע שטעט אין דער שפיגעל-וואנד און זיך בעזעטצט לעבין איהם דארט אין שכנות. דיא ביידע חקרנים — אזוי איז געוועהנטליך דער שטייגער געוועזען — הויבען אן דעם שמועס, אונזער בנימין זיטצט שווייגענדיג מיט האלב פארמאכטע אויגען און הערט. דער שמועס ווערד אלץ ברייטער, גרעסער, עס מישען זיך אין איהם אריין מענשען פונם עולם, איטליכער גיט איהם א ציה, א שלעפ אביסיל אין דער זייט און אט קומט שוין אוים בוידעם, גאר נישט דאס, פון וואס מען האט אנגעהויבען, פלוצלים עפענט בנימין דאס מויל, עס ווערד שטיל, שא! שא! און ער זאגט אפ זיינס, געצעהלטע ווערטער, וואס טרעפען אין קארב אריין, אלע זענען מסכים און מאכען מיט אויסגעצויגענע פנימער: א-א!...

„דעם גאנצען טאג פלעגט בנימין צוברייננגען ביי זיך אין א בעזונדער אלקיר, אריינגעקוקען אין א ספר, זיטצענדיג אנגעלעהנט אויף א געבעט בענקיל. אין א חאלאטיל אין פאנטעפליך, נאר אליין איז ער כמעט קיינמאל נישט געזעסען, שטענדיג האט מען ביי איהם געטראפען אלערלייא מענשען: יודען, יודענעס, יונג און אלט. אזעלכע וואס פלעגען קומען זיך מיט איהם איין עצה האלטען, אויך אזעלכע פון זיינע מקרבים,



וואס האבען מיט איהם פארבראכט, אביסעל דיא צייט, גלאט אזוי, אין א שמועס. דער צעכמייסטער מיט דעם גאלאווא, ווען זייא זענען געוועזען אביסעל בגילופין, פלעגען זיך אמאל אויך אריינכאפען צו איהם מיט א כוסה אין דער האנד און אין איין קול: פאני בניאמקא! נישט אנדערש, זייא ווילען טרינקען לחיים צו פאני בניאמקא, דער צעכמייסטער, קלאפענדיג מיט א פינגער זיך אויפן שטערען, מאכט האלב יודיש, האלב רוסיש: „בניאמקא, גרויסע קאפ! וועליקי פאני-בריה, אוי ווייא מיר!"... דעם גאלאווא פרעהט זיך דאס הארץ, ער שניידט עפעס איבער דער „נאמנה", וויל ארויסווייזען זיינע לומדיש און מישט אוים בוידעם-פלעצע, איבערקייענדיג צעהן מאל איין ווארט, אלץ: „רבי משה, אדאם, האמאן! שטשא או וואס, טא או נאס. וואש דאוויד, נאש דאוויד... טילקא חזיר ני, ני! טרייף..." ס'איז א לעבען, א חדוה, א ליבשאפט, זייא זענען זיס וויא לאקעריצע, האלעווען בנימינ'ן, קוים-קוים וואס זייא רייסען זיך פון איהם אפ און געבען אוועק, פלאנטעהנדיג מיט דיא פיס. — הכלל בנימין זיטצט נישט אליין, אלע צו איהם, שלאגט זיך א שטייגער איינער אין דער דעה וועגען עפעס א שידוך געהט ער צו בנימינ'ן. דרעהט זיך ערגיץ א פאר פאלק, קומט איטליכער בעזונדער פון ביידע צדדים אוים ריידען דאס הארץ פאר בנימינ'ן, געהט א בעל-הביתיל אראפ פון קעסט און ווייסט נישט צו וואס זיך צוצונעהמען, דולט ער א קאפ בנימינ'ן. רייסען זיך צוויי יודען עפעס צווישען זיך, גלייכט זייא אוים בנימין, שטארבט א יוד און לאזט איבער ירושה, הערען דיא יורשים נישט אויף זיך צוקריגען ביז צווישען זייא מישט זיך נישט אריין בנימין; שטארבט א יוד און חוץ א ווייב און קינדער לאזט ער נישט איבער קיין ירושה, איבער וועמענס קאפ ווייגט דיא אלמנה? איבער בנימינס. בקיצור, וואס נאר קומט מען צו בנימינ'ן, א שטעטישע זאך — אויך צו בנימינ'ן. בנימין הערט אלסדינג רוהיג אוים, געפינט פאר איטליכען א משל, א ווערטיל, איין עצה און מען געמט זיינע ווערטער אן פאר ליב, הגם זייא מעגען טרעפען א מאל יענעם אין קנעפיל, שטעכען אין דער זיבעטער ריפ.

אט דאס האט איהר אייך א בילד פון בנימינ'ן, פונם בעל-עצה א מאל אין אונזער יודיש שטעטיל, וואס אזעלכע וויא ער זענען היינט ביי אונז זעהר זעלטען

## II.

אקעגען-זשע האט אין אונזער שטעטיל זיך געפונען א ר' יעקב, פון דיא מיני ר' יעקבס, וואס זענען געוועזען א מאל, וואס זענען דא אצינד און וואס וועלען זיין אויך שפעטער אין אלע יודישע ערטער, כל-זמן פון דיא קינדער ישראל וועט נאך בלייבען א זכר און אין זייא זיך שלאגען נאך איין אדער. דיא דאזיגע מיני פארשווינגען מעגען זיך פארשיידען זיין אין זייערע נעמען, אין זייער שטייגער פרנסה, אויך אין דער מלבשה און אין דער גאנצער פיהרונג זייערער: ביגאטישע פון דער אלטער וועלט, אבער „אויפגעיורענע" פונם היינטיגען שנית — נאר אין גרונט גענומען אבער

זענען זיי אלע גלייך, איין טבע, איין כאראקטער, אלע האבען זיי פלייא אין דער נאז און אונטערגעשלאגען מיט הונט, אליין זענען זיי נישט ווערט קיין דרייער און ווילען גילטען אין דער וועלט זעהר שטארק. אייגענעם שכל האבען זיי נישט פאר א גראשען און ווילען זיין מבינים אויף אנדערע. זאגען דעות אין זאכען, וואס זענען פאר זיי תרגום. מיינען קלאמפערשט אלץ לשם-שמים, וואס אויף דער לונג דאס אויף דער צונג — און זענען באמת שטארק פארביסען, זענען נישט דאס, פאר וואס זיי גיבען זיך אויס. צו וואס זיי ריהרען זיך צו, ווערד א קרעטציל, אין וואס זיי מישען זיך אריין איז צרות, בייזע מהומות, א דרעהעניש, א פלאנטעניש פון רכילות, מסירות, לייטישע מיילער און לאזען נאך זיך איבער א מיאוסען סליד וויא דיא וואנצען, וואס מיט קיין צעהן וואסערען נישט אפ צו-וואשען.

אונזער ר׳ יעקב איז געווען א ביגאטישער יוד, קלאמפערשט גאט און ציצית. און ווען דער ליב, דער מלך פון דיא חיות, האט אויף זיך, לויט אונזערע היילינע חכמים זאגען, איין אנשיקעניש, דאס קליין שרץ „מפגיע”, דער גרויסער, געזונטער העלפאנט — דיא מיק, האט בנימין אויף זיך געהאט זיין אנשיקעניש ר׳ יעקבן — א מין נפש, פון וועלכען ער האט זיך געהאט צוקראטצען.

ר׳ יעקב איז געווען גאר א חידוש, א גאטס וואונדער! אין איהם האט מען בעשיינפערליך געזעהען דיא אייגענע גבורות הבורא, וואס ביי פיל קליינע שרצים׳ליך, יענע, וויא מיר ווייסען, ווערען נאך דעם ארויסקריכען פונם איי מגולגל ביים לעבען אין דרייערליי געשטאלטען, כסדר איינע נאך דער אנדערער: אין דער געשטאלט פון א ווערעמיל, וואס קריכט נאר און פרעסט. דאס ווערעמיל מאכט זיך שפעטער תם, קלאמפערשט וויא געפגרט, מיט א פניצעל נאר עפים טאקי א ליאלקע און פון דער שטילער ליאלקע שפרינגט דערנאך פון דער העלער הויט ארויס א באבאטשקע א זומער-פייגעלע, וואס צושפרייט דיא פליגעליך און פליהט — העע-העע! — גאנץ הויך. פונקט דאס אייגענע טאקי איז אויך געשעהען מיט אונזער מין בעשעפעניש להבדיל.

פריהער. אין ערשטען גלגול, איז ער געווען א ווארעם און האט געהייסען יענקיל, אדער גאר פשוט יאנקוטש. יענקיל איז אין דער יוגענט געווען א קליין משרתיל, געקראכען אויפן בויך, געארבייט געביך גאר פאר דעם עסען, מעהר וויא עסען איז איהם אויפן זין אפילו נישט געקומען. ביי איטליכען איז ער געלעגען אונטער דיא פיס און מען האט איהם געטראטען וויא א ווארעם. ער איז ביי זיך אליין געווען ניעדעריג, זעהר געפאלען, זעהר גוט געוואוקסט, אז ער איז א רויא יונגעל און קען געביך גאר נישט. דעריבער האט ער אנגעבויגען דעם קאפ, געקראכען וויא מען זאגט, איטליכען אונטער דיא נעגעל — און דאס טאקי האט איהם געראטעוועט. דורכדעם האט מען אלץ ווייטער מעהר אויף איהם זיך אומגעקוקט און ער איז אלץ וואס ווייטער מעהר ארויס פון דער בלאטע, פון א קליין משרתיל געווארען א גרויסער משרת, שוין געהאפט דיא זעט, פינם געהאלט זיינעם אלץ געשפארט, א



גראשען צו א גראשען ביז ער האט אנגעקליבען א ביסיל געלט און חתונה געהאט פאר א האלב-דינסטמיידיל, דאס הייסט איינע פון יענע ארמע מיני מיידליך, וואס ארבייטען, הארעווען, רייסען קריעה יאהרען לאנג עפים ביי קרובים אזוינע און הייסען הייסט עס, זיי העלפען גלאט אזוי זיך, וויא אייגענע, אין דעם בעל-הבתישקייט אומזיסט, נישט צונעהמען קיין גראשען חלילה. דערפאר שטעלט מען זיך ארויס פאר מחותנים ביי זיי אויף דער חתונה דערמיט, וואס מען שיינקט זיי א בורנאס, א שמאכטע און א פאר אלטע קליידליך פון דער גארדעראבע מען טהוט זיי נאך אן א גרויס כבוד, אויך וואס מען עסט, מען טרינקט ביי זיי אויף דער חתונה און מען געהט מיט דער כלה דעם כשר-טאנץ... נאך דער חתונה האט יענקיל געפרוווט דאס מזל און אנגעהויבען ביסליכוויס אונטערצוהאנדלען, אליין פאר זיך צוזאמען געשעפטליך. ער האט פארליהען ארמע יודען, בעלי-מלאכות, קליינע קרעמערליך, געלט אויף וואכערס, שפעטער א ביסיל געמאכט אויך הלוואות שרייבערליך אין אלערליי פריסוסטוועס. השם-יתברך האט איהם געהאלפען, איהם געגעבען ברכה והצלחה אין דיא פארדינסטליך, ביז ער האט מיט דער צייט געמאכט א גאנץ שיין קאפיטאל, מיט דעם אייבערשטענס הילף, און איז געווארען — א קאטאוועס עפים — א פריצישער בעל-הלואה! ער האט געקויפט א הויז און שוין געלעבט בריט וויא א פיינער בעל-הבית. דענסטמאל הויבט זיך ביי איהם אן דער צווייטער גלגול. פון א ווארעם, א יענקיל ווערד א מין פיינע-בריה, מיט א פנים פון א שיינעם יודען, און הייסט שוין ר׳ יענקיל! ער איז שוין איין אפגעפיינט מענשיל, א לאלקע, זיין שטאט איז אין דער שפיגעל-וואנד דארט אין קרויז צווישען דעם רעכטען צימעס, לייט ווייסען ביי זיך זעהר גוט ווער ער איז, פון וואנען, מישטעהנס-געזאגט, ער שטאמט, נאר מאכען זיך בזכות זיין געלד נישט וויסענדיג. געלד איז פאר דעם מענשען דער בעסטער מליץ יושר... מען נעהמט איהם אריין צווישען דיא מורנום — יעמוד מורנו ר׳ יענקיל! און זיינע באסאקעס רופען איהם ר׳ יענקיל, שוין אונטער דיא אויגען אפילו — דאס איז ביי אונז יודען אויף איין מדרגה מיט דעם טיטעל „סטאטסקי סאוועטניק” ביי זיי להבדיל. ר׳ יענקיל אליין געדיינקט נאך אויך זעהר גוט, וואס ער איז פריהער געווען — א קליין מענשיל, א משרתיל, איין עם-הארץ. דעריבער האלט ער עס פאר א גרויס כבוד, וואס אנגעזעהענע מענשען זענען מיט איהם חבר און נעהמען איהם אין קאהן אריין וויא זייער גלייכען. זיי, האלט ער ביי זיך פאר איידעלערע, געלעהרענטערע פון איהם און היט זיך דעריבער מיט א ווארט. זאגען זיי עפים, שאקעלט ער צו מיט דעם קאפ. ער קוקט זיך צו גוט צו דיא אלע גיינג פון איידעלע יודען און זוכט אין אלסדינג זיי נאכצוטאן: זיי אין שיך און זעקעליך, ער אויך אזוי; זיי האבען אויסגעווייקטע פנימליך און ריידען מיט א זיפצעלע, ער פרוווט זיך אננעהמען אויך א פרום-יודיש פנימיל און לאזען שטילע זיפצעליך; זיי פיעסטין זיך פאר גאט-ברוך-הוא אין דעם דאווענען, מאכען פיסקעליך, פארגעהען זיך און שרייען: אי, אי, טאטע, פאטער! אונטער שפרינגענדיג ער אויך אזוי; זיי

אַמאל עפּיס גאר אהן ווערטער: „סאנצעלאמעס", „מהיכא־תיתי", „בים־בים־בים", ער אויך אזוי, אהן ווערטער. הכלל, ער איידעלט זיך, ער לעהרענט זיך. געדאנקט און געלויבט גאט ער איז לייטען גלייך, ער האפּט שוין אויך א כבוד מיט מציצה און ס'איז דא א האפנונג, אט־אט הויבט מען איהם אן מכבד צו זיין שוין מיט סנדק... זיצט ער אמאל אויף איין אסיפה צווישען די פיינע־בריות, שמעלצט ער זיך פאר תענוג און וויל אלץ, מען זאל עס זעהען, מען זאל עס וויסען... זאגט מען: ר' יענקיל! וויא איז אייער דעה? איז ער גאר איבערגליקליך. טרעפט ער אמאל גראד צו אין עפּיס א זאך בנימינ'ן, איז ער אויפן זיבעטען הימעל. בנימין איז ביי איהם איין חכם, דאס אויבערשטע פּינם שטייסעל. סטייטש, בנימין! מיט איהם צו ריידען איז א זכיה. — אט אזוי רייבט זיך א היבשע צייט אונזער ר' יענקיל, מאכט דערווייל אויך, מיט דעם אויבערשטענס הילף, גוטע געשעפטען, איז ארײַן אין די גרויסע פּעדערען און וואקסט, וואקסט ביז פון דער שטומער לעלע רייבט זיך אויס און שפּרינגט פון דער העלער הויט. אין דעם דריטען גלגול ארויס א גרויסער פויגעל, וואס צושפּרייט שטארק די פליגעליך, פליהט הויך איטליכען איבער די קעפּ און הייסט שוין רב יעקב! איהם איז שוין קארג זיין גלייך מיט אלע, ער וויל זיין העכער פון אלע, קליגער פון אלע, האבען מעהר דעה פון אלע. א שטאט אין דער שפּיגעל־וואנט איז פאר איהם שוין גארנישט, עס ציהט איהם אהין, אויבענאן, הארט לעבין ארון־קדש און וויל זיין אומעטום דער ערשטער, שוין א מורה־מורנו. — ר' יעקב געדיינקט שוין אצינד נישט, אז ער איז פריהער געווען יענקיל דער משרת, א ווארעם, א מין קליין בעשעפעניש. דאס געלד פארשטאקט איהם דאס הארץ, פארשטאפּט איהם דעם מוח. אויף דעם ארט פּינם זכרון דארט אמאל ליגט אצינד א קערביל. וואו אין איהם איז אמאל געווען דארט א שטיקעל יושר, א קאפּ רחמנות, עטוואס מענשליכקייט און א פּיטשעל פארשטאנד, שטעקט היינט א מטבע. אין איהם טהוט, ארבייט די מטבע, דער גאנצער שכל איז ביי איהם נאר די מטבע. אין אלע פינף חושים זיינע איז אריינגעטאן די מטבע: זיין קוקען, הערען, שמעקען, טאפּען און פיהלען איז אלץ נאר די מטבע. און ביי יודען איז דאך פון אייביג אן שוין אזוי בטבע — דערזעהען זיי ביי עמיצין א גילדערנע מטבע, מעג ער זיך זיין א קאלב, א בהמה, איז ער ביי זיי א גאט, בוקען זיך צו איהם. טאנצען ארום איהם, לעקען און גיבען איהם גרויס כבוד אפּ... באסאקעס מאכען א ברייטען המלך: רב יעקב! און יודען זאגען נאך מיט גרויס דרך־ארץ ברוך הוא־וברוך שמו רב יעקב, אמן!

רב יעקב, אונזער גילדערן קעלביל, איז שוין קדש! זיינע באסאקעס, די טענצער, דינען איהם געטריא, רייכערען איהם אונטער מיט ווייריך, לויבען זיין נאמען און מאכען אן מיט איהם אויף מענשען אין דער שטאדט א מורא. מען טאהר אונטער די אויגען אפילו נישט דערמאהנען זיין נאמען צום שלעכטען. מען טאהר אקעגען איהם נישט זינדיגען מיט א ווארט און אלסדינג וואס ער טהוט, א נארעשקייט.



איין אומרעכט אפילו, מוז מען אננעהמען פאר ליב, גלייך וויא מען האט געשווארען אויפן בארג סיני צוגלויבען אין איהם מיט לייב און לעבען פונם גאנצען הארצען. מען האלט זיך איין, צווישען זיך אפילו אמאל אין א שמיעס, נישט ארויס צולאזען פּינ'ם מויל דאס, וואס איטליכער בעזונדער וועגען איהם טראכט. אין הארצען שפּעט מען, מיט דעם מויל לויבט מען, אלע וויסען דעם אנשטעל און איינער דעם אנדערען נארט... אט אויף אזא שטייגער פארמעהרט זיך דערווייל צווישען יודען חניפה, פאלשקייט, מיאוסע זאכען. עטליכע עזות־פּנימער, באסאקעס, ארבייטען מעשים, פיהרען א שטאדט ביי דער נאז און יודען, דערנידערנדיגע, געפאלענע, צייטערנדיגע טהוען נאך טראגען די נעז זייערע אזעלכע לייט אקעגען. — נאר אזוי וויא אפּיקורסים אין דער וועלט מוזען דאך זיין, וואס לייקענען אין גאט אפילו; דעריבער האבען זיך אין שטעטיל געפינען מיאוסע אפּיקורסים אזוינע, וואס זענען אויך אין רב יעקב'ן נישט פארגלויבט געווען, איהם געהאלטען מחילה פאר א בהמה, פאר א גראבען יונג, וואס זיין מישען זיך מיט תקיפות אין שטאדט־זאכען איז א ביטער אומגליק פאר יודישע קינדער. — און פאר אזעלכע חטאים אקעגען זיין כבוד איז דאס שטעטיל נישקשה בעשטראפט געווארען מיט בייזע מהומות: קריג, פלאטקעס, רכילות, מסירות, אכזריות און אלע פורעניות, וואס דרינען שטעקט.

רב יעקב קען שוין זינגען! עס געפעלט איהם שוין נישט דער חזן, וואס איז א צייט מיט יאהרען אוועק געווען אין דעם שטעטיל, וויל איהם אויף דער עלטער ברעכען פון ברויט דערפאר, וואס ער האט איינמאל פארגעסען איהם גוט־יום ביטען. און אויף זיין ארט צונעהמען איינעם עפּיס פון זיינע לייט. אין שטעטיל ווערד א קאכעניש, א מהומה, א הארמידער!

רב יעקב פּסקנ'ט שוין שאלות! ער זאגט דעות די דיינים, קווינקעלט זיך עפּיס אויף דעם שוחט, וויל נישט שטעלען אויף איהם אין א סירכא, ס'איז איהם עפּיס ניט גלאטיק... עס ווייזט זיך פלוצים אין שטעטיל א מין פארשוין, דעם אלטענס שוחט א שוחט. עס ווערד א גערידער, א קריג אויף מעסער־שטעך און עס קעהרט זיך די שטאדט!

רב יעקב איז שוין א גרויסער בעל צדקה! ער העכערט דעם מקח אויפן פלייש, ניט פינ'ם דאזיגען געלד א טהייל זיינע ארעמע קרובים, א טהייל זיינע טענצער און א טהייל לאזט ער אראפּ צו זיך אין קעשענע, א מתן בסתר, אויף זאכען אזעלכע, וועלכע ער אליין ווייסט. רב יעקב טהוט גוטס און ארמעלייט גריזען ביינער, זאכען און קרענקען...

רב יעקב איז שוין א מומחה! אין דעם בקור־חולים „זיינעם", וואו ער איז גבאי, לאזט ער דעם דאקטאר קיין קאפּ נישט אויפהייבען, נעהמט אריין און טרייבט ארויס קראנקע וויא ער פארשטעהט, טהוט דארט אלסדינג, וואס ער וויל וואס איהם פאלט איין, ער ווייסט א קריינק און קראנקע ארמעלייט בעקומען פון איהם באלד דעם טויט.

רב יעקב איז שוין אמבין אויף לעהרנען! ער קוואקעט שוין אויך אויף גבאי אין דער ישיבה, זאגט בויך־סברות אין דעם שטייגער לעהרנען און קרימט זיך עפּיס אויף דעם ראש־ישיבה, פון דער גאנצער גמרא קען ער טאקי „מכות“. נישקשה! ביים ווייב איז ער א גרויסער למדן, ער קען זעהר גוט...

רב יעקב איז שוין אווילדער חכם! ער האלט פון זיך א שרעק, איז מיט זיך משונה שטארק צופרידען, האט ווילד הנאה פון זיינם א ווערטיל. אויף איין אסיפה וויל ער, אלע זאלען איהם הערען. ער ווייסט ביי זיך זעהר גוט, מסתמא דרשהט ער נישט „אומזיסט“ פארשטעהט נישקשה אין עסק... דעריבער איז ער ברוגז, אז אנדערע זאגען א דעה און קען נישט ליידען מען זאל איהם איבערשפּארען.

— איך הייס, פארשטעהט איך מיר, רב יעקב! איז דער שטייגער זיינער געווען אין אזא פאל צוזאגען מיט ברייטקייט, טייטענדיג מיט דעם גראבען פינגער אויפן הארצען.

„איך הייס רב יעקב“! האט אזוי פיל געהייסען, וואס שווער איבערצוגעבען עס מיט טויזענט ווערטער. דרינען איז געלעגען דער גאנצער רב יעקב מיט די ביינער. איטליכער האט עס געטייטש וויא ער פארשטעהט, זיך געשטיקט אינווייניג און געשוויגען, אויס מורא מיט איהם איינצורייסען.

אין בנימין האט קיין מורא ניט געהאט ארויסצוזאגען זיין דעה פרייא, אויף דעם שטייגער זיינעם, רוהיג, שטיל, זיך נישט צומאכען כלל פון רב יעקב׳ן, גלייך וויא ער איז גאר אויף דער וועלט נישטא. האט רב יעקב זיך געהיצט און טייטענדיג מיט דעם פינגער אויפן הארצען אין איין פייער געמאכט: איך הייס רב יעקב!... האט איהם בנימין בשעת מעשה אנגעקוקט גאנץ קאלטבלוטיג, נישט צוענטפערען געוועהנטליך קיין ווארט, אדער געענטפערט א מאל גאנץ קורץ: איך ווייס, נישקשה, פון קינדווייס אן וויא איהר הייסט. דאס געהער זיך אבער נישט אן צום ענין... און ווייטער טאקי זיך גאנץ רוהיג גערעדט. דאס פלעגט רב יעקב׳ן שטעכען וויא מיט א מעסער און איהם צוקאכען דאס בלוט. בנימין איז איהם געווען וויא א דארן אין די אויגען, אנקוקען האט ער נישט געקענט בנימינ׳ן מיט זיינע לייט. עס האט איהם געברענט, פאר וואס זאל אין דער שטאדט זיין נאך איינער, פון וועלכען מען האלט. און נאך ווער? אזעלכער, וואס האט עפּיס נישט אזוי פיל געלד!... ביי איהם איז איינגערעדט געווען: בנימין בעגזלט איהם, נעהמט ביי איהם צו א חלק כבוד, דאס וואס איהם אליין נאר קומט. בנימין איז גאר נישט אזוי קלוג, אזוי פיין וויא מען מיינט, ער פארבלענדט נאר די אויגען. ער מוז עס בלי נדר דערווייזען אז מען האט אין איהם א גראבען טעות. — דעריבער פלעגט ער צו בנימינ׳ן זיך זוכען, אויף איהם אלץ גראבען, איהם געוואלט אלץ מבטל זיין און פארמיאוסין ביים עולם:

אפּאר וויכטיגע זאכען זענען שפּעטער זיך פארלאפען, וואס האבען אויפגערוהרט דאס גאנצע שטעטיל. אלע זענען דערמיט נאר בעשעפטיגט געווען, און



אונזער רב יעקב האט דענסטמאל זיך בענוצט, אויסצוגיסען אויף בנימינ׳ן דעם גאנצען צארן און אפּצורעכענען זיך מיט איהם וויא מיט א טאטען!

## III.

ויהי בימי הרעב הגדול, און עס איז געווען אין די טעג פונם גרויסען הונגער, נישט היינט געדאכט, אין אונזער ווינקעל איז נישט געראטען קיין תבואה, דער יקרות איז געווען שרעקליך גרויס און מען איז געשטארבען, אויסגעגאנגען פאר א שטיקעל ברויט. און אז דאס שלימזל געהט, געהט עס מיט אלעמען, מענשען האבען פארלוירען איינער צום אנדערען דאס פארטרויען, אלע פארדינסטען האבען זיך אויסגעלאזט, מענשליכקייט און יושר — אויפגעהערט, עס איז א בייזע מהומה, א צארען פון גאט, דער שטארקער שטיקט דעם שוואכען, דער אומגערעכטער דעם גערעכטען און וויא געוועהנטליך ליידען מעהר וויא אלע, אין א שווערע צייט, די ארמע, שוואכע יודען נעבעך. אויף זייא גיסט זיך אויס דער צארען פון אלע זייטען, אז ס׳איז נישטא וואס צוטאן נעהמט מען זיך צו זייא. יודען אין שטעטיל אחען־קרעכצען, פאלען אויף די פנימער און בעטען רחמים. רב יעקב פון זיין זייט טהוט וואס ער קען — ער בהוט דאס, יענץ, העכערט דעם מקח אויפן פלייש אויך, אונטערצוהאלטען זיינע לייט און ארמע קרובים. אוודאי איז דאס א מצוה, א גרויסע צדקה, מחיה צו זיין יודישע „נפשות“, נאר א קעגען א וועלט קען מען נישט יוצא זיין — דער ארמער עולם קלאגט זיך אלץ זעהר שטארק!

אין יענער ביטערער צייט גראד איז ארויס א קלאנג, אז אין חערסאנער גובערניע מאכען יודען קאלאניעס, דארט איז פשוט א גן־עדן און צווישען דעם עולם איז דענסטמאל אומגעגאנגען א לידעל, וואס יונג און אלט האבען עס געזונגען, דאס לידעל איז דאכט זיך, כמעט אזוי:

האט איהר געהערט דאס לאנד חערסאן
נישט ווייט פונם פעטער ישמעאל,
פון פויגעל מילך איז דארט פאראן,
פאר יודען ארץ־ישראל.

א פּייס א ציג, א שאף א דרייער,
אהוהן, איין אינדיק האלב אומזיסט,
אלסדינג בזיל־זול, קיין זאך נישט טהייער
און תבואות דארטען פול וויא מיסט.

דאָס לאַנד איז גוט און וואַייל אַ ווינדער.
אויב לעבען, ברידער, ווילט איהר פיין,
פאַרנעהמט דיא קלימקעס, ווייב און קינדער
און לאָמיר עולה-רגל זיין!

דאָס לידעל האָט מען טאַקי געזונגען, מענשען צום אונטערטרייבען, אונטערוואַרעמען האָט אויך נישט געפעהלט און פונם אָרט האָט מען לעת-עתה זיך אַליין נישט געריהרט. ערשטענס, האָט מען, ווי דער שטייגער איז ביי אונז יודען, געקוקט איינער אויפ'ן אַנדערען, אויף דרך-ארץ — לאָזען יענע מאַכען דעם אָנהויב צום ערשטען און מיר נאָך זיי. יענע אָבער האָבען נאָר געקענט שיין דרשנ'ען, זענען געווען בריות נאָר מיט דער צונג און דעם כבוד עפּיס טאַקי צוטאָן האָבען זיי מוחל געווען אַנדערע... צווייטענס, האָט מען דאָך, ווי דער שטייגער איז ביי אונז יודען, נישט געקענט געהמען גלאַט טאָן עפּעס אַזאַך, זיך נישט אָנצוריידען ווי אַ פויק פריהער אַזוי, דערנאָך שמועסען דאָס איינענע טאַקע ווידער פאַרקעהרט... און דריטענס: איז דאָך, נאָך אַמאָל טאַקי, ווי דער שטייגער איז ביי אונז יודען, נישט אַזוי וויכטיג דער פּסוק ווי דער דרש, דאָס אויסרעדעניש אויף איהם, מען לערנט דיא גמרא נישט אַזוי צוליב דעם פשט, וויסען דעם דין, ווי צוליב דעם פלפול. אַגב טהוט אַ יוד אויף סברות, מען שפּאַרט זיך, אָנגעהמענדיג זיך, איינער דעם אַנדערען ביי דיא בערדליך, מען פרעגט קלאָטץ-קשיות, מען ווייזט אַרויס גרויסע חריפות מיט קנייטשליך, שפּיטצליך, „בעוואָהרעניש'ען" געדרינגענישין, וואָס שאַרפען און שפּאַלטען דעם מוח. — אין דעם דאָזיגען ענין מכח דיא קאָלאָניעס איז געווען אויך דאָס איינענע טאַקי: אַ שפּאַרעניש, אַ האַמפּערניש, אַ קריגעניש, אַ „ווידער-אַיינאַנדער"-פרעגעניש, אַיין אָפּווענדעניש, אַ חוזיק-מאַכעניש, מיט געשפּעט און שטעכווערטליך איינער צום אַנדערען: „חכם מיינער!", „שיינער יוד איינער!!" ביידע צדדים האָבען זיך געשמאַק געזידעלט און געווען צווישען זיך פייער מיט וואַסער. דיא דרינגען יאָ, יענע — ניין. יאָ, ווייל יענע זאָגען ניין און ניין, ווייל דיא זאָגען יאָ... פלאַטשיקע קעפּליך האַלטען געוועהנטליך מיט דיא, וואָס האָבען גוטע געמבעס צום שרייען, פּיסקליך אויף שרויפען און וואָס קענען מאַכען פונם מויל אַ חלאָווע. —

דערווייל, אין דעם גרויסען טאַראַראַם, קומט גראַד איינער, אונזערער אַ מלמד, פון יענע ווייטע מקומות דאָרט ערגיץ אין וואָהלין, צום ווייב אויף יום-טוב, אין אַ נייער קאַפּאָטע. ער קוקט אַביסעל מיט גדלות ווי איינער, וואָס איז אויסגעווען אַ וועלט און וואַרפט אַריין אין דעם שמועס פרעמדע, וואָהלינישע ווערטער. אָנשטאָט „יוֹ", זאָגט ער „יאָ", אָנשטאָט „קרופּניק" — „קאַליש" און „קיטקע" הייסט ביי איהם „קוילעטש", אַרום איהם פאַרקלייבען זיך רעדליך מענשען, מען קוקט אויף איהם עפּעס ווי אויף אַ חידוש און מען שלינגט איטליכס וואָרט זיינס פון זיינע מעשיות, קראַצענדיג זיך דערביי פאַר גרויס הנאה. וואָהלין, דערצעהלט ער, איז אַ גע-



בענשט אָרט מיט אַלעם גוטען. קוילעטש עסט מען דאָרט גאָר אין מיטען דער וואָך, וויין טרינקט מען דאָרט ווי וואַסער, היינט זייער ראָסעלפלייש'ל, קנאָבעל, „פּראַקעס", „פּאַלירטשקעס" איז אַ מאכל מלכים! דיא ווידלען ביי דיא שעפּסען (ביי דיא „שאָף", מיין איך חאַפּט ער זיך באַלד און פאַרריכט) זענען אָפּגענאָסען מיט שמאַלץ און שלעפּען זיי פון הינטען זיך נאָך אויף רעדליך. קאָדע, אַזוי הייסט עס דאָרט, יוי — יאָ, יאָ! מיין איך. — נאָר דיא מענשען דאָרטיגע זענען גראָב, פאַרשטאָפּטע קעפּ, יודען פונם היגען ווינקעל קענען זיי אין זאַק אַרייננאַרען און מאַכען גוטע געשעפטען. מלמדים פון אונזער קאַנט האָבען דאָרט דיא בעסטע קנעלונגען. זייערע — זענען חמורים, לייגען אַנידער אַיין „עברי" מישטעהנס-געזאָגט, נח מיט זיבען גרייזען, קמץ בית בו, כלופּם וואָו אַי. דערפאַר אָבער קענען זיי עסען...

דער מלמד מיט דער נייער קאַפּאָטע, געגרייזעלטע פאות, און מיט זיינע וואונדערליכע דערצעהלונגען, שטאַרק פאַרגרעסערטע, מאַכט אָן אין דעם שטעטיל אַ האַלעבורדע, עס פאַרקאָכט זיך דאָרט אַ געדיכטע קאַשע, אַ טהייל שרייען: אַהין אין יענע מקומות ערגיץ, וואו מען קען קנעלען, מאַכען שיינע געשעפטען! אַ טהייל שרייען: ניין, אַהין „נישט וויים פונם פעטער ישמעאל" אויף דיא קאָלאָניעס! געזעטצטע מענשליך, מיט פעטע ביילעך מאַכען: עט, חלעבין, ס'איז אין גאַנצען איין אויסגעבלאָזען איי! גלייבער נישט אַהין נישט אַהער, אשרי יושבי ביתך — דעם פויערש ווערטעל טאַקע: „סידי דאָמאַ דאַ ני ריפּאַיסאַ". און גוטע, ווייכע מענשליך, לעדערנע דישלעס, ביגען זיך, ווי עס קומט אַמאָל אויס, אי אַהין אי אַהער. ס'איז אַ דולעניש, אַ קאָכעניש, ביז אין דעם שטעטיל ווערד געמאַכט אַ גרויסע אסיפה, אויף וועלכער ס'איז געווען רב יעקב און אויך בנימין.

פריהער פון אַלע, עס פאַרשטעהט זיך, איז אַרויסגעשפּרונגען מיט אַוואָרט רב יעקב. זיין דעה איז געווען-בלייבען. קאָלאָניעס, האָט ער געזאָגט, איז נישט פאַר יודישע קינדער. דערצו איז עשו. קנעלען און שטאַרבען פאַרזאַמט מען קיינמאָל נישט אומעטום. דעם בטחון צו גאָט ברוך-הוא טאָהר מען נישט פאַרליהרען גלויבט און ריהרט זיך נישט פונם אָרט... פעטע בייכלעך און לעדערנע דישלעס האָבען זיך געבויגען אויף זיין זייט. געהאַלטען מיט איהם. דערנאָך האָט זיך צושאָקעלט דער איבעריגער עולם, אַלע האָבען גערעדט, געשריגען אין איין קול צום טויב ווערען. מען האָט מעהר נישט געהערט ווי: קאָלאָניעס! וואָהלין!... עס זענען געפלויגען זידלערייען, פלאַם-פייער, פעך און שוועבעל. עס האָט געהילכט, געשטורמט און לעדערנע דישלעס האָבען זיך געבויגען, ווי אַ טשערעטיל פאַר דעם ווינט, אַהין און אַהער. געמבעס פון ר' יעקב'ס באַקעס האָבען פלוצלים געדונערט: קבצנים! שלעפּען ווילט זיך אייך אויף יענעמ'ס קאָפּ. הילטאַיעס, בעלי-צדקות איבער אַ פרעמדען ביטעל!... אַ העזה אַביסעל מען זאָל נישט הערען, וואָס גבירים, גרויסע לייט זאָגען! איהר מיינט, ס'איז שוין הפקר אַ וועלט? וואַרט נאָר וואַרט! וועט איהר זעהען ווער עלטער איז... וואָס הייסט זיך אויססשפּאַנען, נישט צאָהלען... רבי יעקב, זאָל

געזונט זיין, לעבט נאך, מאריך ימים זאל ער זיין. די קאלאניעס אין וואהלין ווערען אנגעצונדען, פייערען אין איינעם אויף די באסאקעס אונ שטעהן זיי אב מיט הייסען פריסעק. בנימין איז די גאנצע צייט געזעסען רוהיג, אנגעבויגען דעם קאפ אונ געשוויגען, ערשט אז דער עולם איז מיד געווארען שרייענדיג האט ער אויפגעהויבען פאמעליכען דעם קאפ, ארויפליגענדיג די האנד אויפן שטערען, וואס האט ביי איהם בעטייט, אז ער וויל עפּעס זאגען.

— שא, שא! איז געווארען א קלאפעריי, א שושקעריי צווישען דעם עולם. רב בנימין וויל עפּעס ריידען, שא, שטיל!

— האט איהר זיך שוין אפגעקיהלט, רבותים, אונ וועט הערען? מאכט בנימין מיט א פריינדליכער מינע.

— יא, יא, רב בנימין! רעדט, זאלט איהר געזונט זיין, מיר הערען.

— אומזיסט קריגט איהר זיך, מיינע ליבע יודען. הויבט אן בנימין שטיל, רוהיג ווי זיין שטייגער איז, ווי איך זעה קענט איהר נישט אונזער יודישע היסטאריע, נאט אייך זי דא אין גאנצען אין עטליכע ווערטער.

דער עולם איז געבליבען שטיל אהן א שום בעוועגונג, קיין שארך, קיין פארע האט מען פון קיינעם נישט געהערט, גלייך ווי אלע זענען אויסגעשטארבען, אונ בנימין האט שטיל מיט האלב פארמאכטע אויגען אנגעהויבען אזוי:

— ווי באלד, רבותים, אברהם אבינו דערגרייכט מיט זיין שכל דאס יודישקייט הויבט מיט איהם זיך אן די סדרא לך-לך, אונ ווערד פארוואגעלט פון זיין פאטערלאנד, קוים מלעט ער זיך, ווערד דער ערשטער געמלטער יוד, האט ער שוין אויף דער עלטער גאר א זוהן, יצחק, געווידעשט נאך קינדווייס, האט שוין דערפאר מיט א מאל טאקי א צווילינג אונ לך-לך, וואגעלט זיך אויך ארום אין דער וועלט. — יעקב. א כשר קינד מיט א יודעש הארץ, מאכט א פליטה, לך-לך פאר עשו קיין חרן.. פיער מאל חתונה געהאט, האט א ט ו ץ קינדערליך אונ לך-לך, לויפט ווייטער פאר לבן-הארמי... בלאנקעט זיך ארום ביז ער קומט אויף דער עלטער מיט זיינע קינדער קיין מצרים, וואו יוסף זיינער איז א חשוב אין הויף, א גרויסער פריץ, איין מוכר-תבואהניק אין דער וועלט! דאס, וואס די קינדער ישראל בלייבען דארט א לאנגע צייט זיצען, זענען זיי דרינען נישט שולדיג. דער קאזאק האט זיי שוין געהאלטען. אין צרות, אין לייד האבען זיי זיך דערווייל געפרוכפערט אונ געמעהרט, שונאים אויף צו שפרינגעניש. משה רבינו, וואס האט יונגערהייט שוין געוואוסט די סדרא לך-לך, פועלט דערנאך, דורך גרויסע וואונדער, אפצולאזען די יודישע קינדער אויף דריי טעג נאר פריי צועטהמען, אבי פון פרעהס הענד-ארוים איז שוין די בריחה ביי זיי געווען צומאכען אויף לעולם ועד לך-לך. זיי נעהמען די תורה אויפן בארג סיני אונ לך-לך מיט איהר א צייט מיט יאהרען אין דער מדבר. מיד, צובראכען פונם שטענדיגען ארומוואגלען קומען זיי אין דעם לאנד כנען, ווילען האבען דארט א מקום מנוחה, רוהען אבער ווייניג, האבען גענוג אויסצושטעהן שטענדיג פון



שונאים ארום אונ ארום. דערנאך, אז גאט העלפט, זייא ווערען שטיקליך בעלי-הבתים מיט א בית המקדש, יודען זיצען זיך אין ווייניגערטנער, אנגעלעהענט אונטער פייגענבוימער אונ מען הויבט ערשט אן וויסען פון א לעבען צוזאגען, צו פאטשען זיך פלוצלים יודישע קינדער אונ צופאלען אויף צוויי שטיק מיט בעזונדערע שטיבליך. רייסען איינער ביים אנדערען אפּ די קעפּ, ביז שלמנאסר דער מלך פון אשור זאגט די קינדער ישראל לך-לך! אהין אזש, וואו דער שווארצער פעפער וואקסט דארט, אונ מען ווייסט עד היום נישט וואו זייער געביין איז אהינגעקומען, שפעטער קומט נבוכדנאצר מלך בבל, זאגט אויך דעם שבט יהודה: לך-לך אונ זייא ווערען פארוואגעלט. — אין א צייט ארום קעהרען זיך א טהייל יודען צוריק ווידער קיין ארץ-ישראל. נאר ס'איז שוין א געמוטשעט לעבען. זייא זענען קנעכט ביי זיך אין דער היים, ווערען פארשווארצט אין עושר אין כבוד, לייזען קלעפּ פון אנדערע אונ רייסען זיך ביי די נעז צווישען זיך, אזוי ציהט עס זיך אין צרות אין יסורים ביז טיטוס הרשע חרוב'ט מיט זייא גוט איבער לך-לך אונ דאס איז זייא ביז היינט געבליבען גוט אין דעם זכרון. זינט דערנסטמאהל געהט כסדר אלץ די סדרא לך-לך!...

— אט דאס, רבותים, האט בנימין אויסגעלאזט אויף א נידעריגער שטימע, מיט א זיפץ וואס האט געריהרט ביים הארצען. אט דאס איז די אלטע יודישע היסטאריע, וואס בלייבט תמיד, נייא. אין גאנצען איז זיא א לך-לך, אין אנהויב, אין דערמיט אונ אויך היינט, ברידערליך. לך-לך! קיין חערסאן, קיין וואהלין, ערגיץ אנדערש — אלץ איינס, דערמיט נעהמט נאך די געשיכטע נישט קיין עק, פארוואגלעניש הערט נאך נישט אויף, די פארוואגעלטע אין חערסאן וועלען נאך געהן קיין וואהלין אונ ווידער די פון דאנען — זיך לאזען אהין... וואס קען מען טאהן? געהט, יודישע קינדער! נאר אל תרגזו בדרך, קריגט זיך נישט איבער דעם וועג אויף דעם וועג... געהט, ברידער, גאט זאל אייך העלפען!

— איהר רעדט, רב בנימין, ווי א חכם! רופען זיך אן מענשען פונם עולם נאר ווי געהט מען אן געלד. מיר בעדארפען האבען הילף, אויף הוצאות געלד!...

— פון מיין זייט, ענטפערט בנימין, ווארגענדיג זיך מיט טרעהרען, פון מיין זייט בין איך גרייט צוגעבען פיל מעהר ווי איך קען, לאזען אויך אנדערע געבען נאר וויפיל זייא קענען, אפילו ווייניגער וויפיל זייא קענען, אבי געבען. ווי זאגט מען עפעס: אביסעל אונ אביסעל, ווערד א פולע שיסעל".

— יודען! טהוט רב יעקב פלוצלים א היק, שטארק אנגעצונדען, איך דערקען אייך היינט גאר ניט, יודען! פארשטעהט נישט, וואס אייך איז היינט אזוינס געשעהען? ווי אזוי קענען עס יודען מיט א קאלטער לעבער צוהערען אזעלכע רייד פון דעם רב בנימינן א י י ע ר ע ן?... ס'איז דאך חילע-חאלאשעם, א חילול-השם, מען זאל נעהמען די תורה האק-דייזשע (הקדושה) אונ מאכען פון איהר גלייבע-ווערטליך!...

געוואַלד, די הייליגע תורה! געוואַלד, די הייליגע אבות! מען נעהמט אַ סדרה לך-לך און מאַכט פון איהר מאַנדרוש, אַ לעמעשקע! —

אוי-ווה, מען בעדאַרף דאָך, הערענדיג אַזוינס, קריעה רייסען!..

— שוין גענוג געריסען... נישטאָ שוין מעהר וואָס צוריסען! — האָט זיך געלאָזט הערען עמיצענס אַ קול פון צווישען דעם עולם — די גוטע כנופיא האָט שוין אָפּגעריסען די הויט פון לעבעדיגע און פון טויטע.

— תרבות עזות-פנים! טהוט רב יעקב אַ היק, ווער איז דאָס דאָרט דער יונגאַטש אַזוינער?!

— האָט רחמנות, רב יעקב! שרייען יודען אין איין קול. וועהט, זאָל עפּעס [illegible] אויף הוצאות! ס'איז שלעכט, רב יעקב! שלעכט, שלעכט... מיר זענען פאַרבייא.

— יודען בעדאַרפען האָבען בטחון צו דעם וואָס לעבט אייביג אין הימעל, ברוך הוא וברוך שמו, זאָגט רב יעקב דעם עולם מוסר. ה' ילחם לכם — הקדוש ברוך הוא וועט אייך געבען ברויט, געבען קען נאָר ער, זיין ליבער נאָמען אַליין, שבו לכם עם החמור. בלייבט און האַפט אויף דעם, וואָס וועט קומען רייטענדיג אויפן חמור. אַזוי זאָג איך אייך, איך רבי יעקב!... פאַרגעסט נישט, איהר זענט שטיקלעך בעלי-חובות, צום רייסטער קומט, אויך מיר און... פאַר גאָט טאָהר מען נישט אַנטלויפען, זאָגט תהלים, פּאַסט, הללוהו בתוף ומחול. צום סוף וועט ער אייך מוחל זיין, נישקשה... זיין רחמנות איז גרויס.

בנימין האָט זיך אויפגעהייבען פונם אָרט און אַרויסגעגאַנגען שטיל, נישט צו-ענטפערען רב יעקב'ן קיין וואָרט. באַלד נאָך איהם איז אויך דער איבעריגער עולם זיך צוגאַנגען און די אסיפה האָט, ווי געוועהנטליך, זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

מיט גאָרנישט פאַר דעם אָרמען עולם און מיט אַ בים אָבער פאַר בנימין'ן — אַ בים אַזש צייכענס זענען געשטאַנען. רב יעקב האָט זיך דענסטמאָל אויף דער אסיפה זיך געגעבען דאָס וואָרט, בלי נדר בנימין'ן אנצוזאַלצען, אַז אייביג זאָל עס איהם ליגען אין טעם. געזאָגט געטאָן — און עס האָט נישט געדויערט לאַנג איז פונקט אַקעגען בנימינ'ס הויז אויסגעוואַקסען אַ געהייבען שיינקעל נאָר אַ וואונדער, וואו די "פּרנסי העיר" האָבען אָפט געטרונקען און פאַרביסען. —

בנימין האָט שוין נישט די פּרנסה, וואָס פריהער, ער ווייסט שוין דעם טעם פון נויט. שרה זיין ווייב איז פאַר יסורים געעלטערט, בעטריבט. די שנירליך פּערעל מיט דעם גילדענעם אויבעל זעהט מען שוין נישט ביי איהר אויפן האַלז אפילו שבת און יום-טוב. זיי ליגען ערגיץ פאַרזעצט. נאָר בנימין האַלט זיך נאָך פון דעסטוועגען און דער שטייגער לעבען זיינער איז ניט געענדערט אויף אַ האָר. ער זיצט אַלץ מאָקע ביי זיך אין אַלקיר, קוקט אַריין אין אַ ספר, שמועסט דאָרט מיט מענשען [illegible], רוהיג, געלאַסען ווי אַ מאָל.



אַזוי האַלט זיך געוועהנטליך אַ בוים, וועלכען דער וואָרעם עסט, טאַטשעט אונטען ביים וואָרצעל. וועסנע-צייט בעדעקט ער זיך מיט בלעטער, זעהט אויס פריש, גרין, נישט צודערקענען, אַז אינווענינג איז ער גענביך פויל — ביז זיין מלאך-המות, דער וואָרעם, טהוט דעם לעצטען פּיק, דערגעהט איהם דעם עק און ער פאַלט פּלוצלים אַנידער!...

## IV.

אַ נייא אומגליק האָט דאָס שטעטיל געטראָפען — און בנימין איז געפאַלען אַ קרבן!

אַז די היינטיגמאָדישע בילדונג האָט, ווי אַ מגפה, זיך אַריינגעכאַפּט אין אונזער ווינקעל און אָנגעמאַכט צרות, האָט גאָט אונזער שטעטיל פון אַזאַ פּורעניות אויסגעהיט, דאָרט האָט מען פון אַזאַ אָנשיקעניש אַ לאַנגע צייט נישט געוואוסט, מען האָט אפילו געהערט אַ מאָהל עפּיס אַ קלאַנג פון דערווייטענס מכח דייטשליך — געבוילבעטע יודען אַזוינע אָהן יאַרמולקעס און מכח ביכליך עפּיס אַזוינע מיט קורצע שורה'ליך, נאָר אַלץ נישט ביי אונז געדאַכט. אונזערע יודען האָט מיט זייערע שיינע אָנשטעלען דער רוח נישט גענומען. גיכער, דאַכט זיך, וואָלט דער יצר-הרע מרוצה געווען געהען צו אַלע שוואַרצע יאָהר איידער קומען צו אונזערע אַ יודען ברענגען איהם צו אַ זינד... דער יצר-הרע אַליין האָט, דאַכט זיך, בעדאַרפט האָבען איין אייזערנעם יצר-הרע אַזוינס צוטאָן. — פּלוצלים אָבער ווערד אין שטעטיל אַ געטימעל. אַ געשרייא, אַ געפּילדער: אוי-וויא, די קליפּה איז דאָ! —

ביי אַ יונגען מאַנטשיק עפּיס — און צו אַלע צרות נאָך, איין איידעמיל איינעמס עפּיס פון רב יעקב'ס לייט געפינט מען אונטער דער "גמרא" אַ "טרפה-פסול"! מען נעהמט זיך צו דעם פּושע-ישראל און עס ווייזט זיך אַרויס — אוי, אַ וועהטיג! — ער איז נישט איינער און אויך נישט דער רעכטער בעל-עבירה. די אמתע טרפניאַקעס, אבי-אבות הטומאהניקעס זענען עטליכע בעלי-הבתישע קינדער, מען נעהמט זיך צו די פיינע לייט און עס ווייזט זיך ווייטער אַרויס, אַז זיי זענען, הע-הע! גרויסע עזות-פּנימער, האָבען גאָר קיין מורא נישט פאַר קיינעם. די קליפּה, רחמנא-ליצלן, האָט צוגענומען ביי זיי דעם שכל מיט דעם יודישקייט אין איינעם. זענען אַליין קאַליע און קאַליע געמאַכט נאָך אַנדערע. עס רעשט זיך, עס קאָכט זיך, דאָס גאַנצע שטעטיל ווינט זיך. איטליכער אַלץ — אַוואַ, אַ מעשה אַזאַ מעשה!... טאַטעס — מאַמעס — ציטערען. פלאַטערען פאַר זייערע קינדער, די קליפּה זאָל אין אַזאַ אונטערגאַנג, נישט דאָ געדאַכט, צו זיי זיך אויך נישט אָננעהמען. שיינע יודען, גאַטס-סטראַפּצעס, נעהמען זיך אָן גאָטס קריוודע. סטייטש, רבונו של עולם, מען זאָל אַזוינס איהם אָפּטאָן!... און גלאַט אַזוי יודען מיינען נישט קיין שום זאַך ווייל ערווייל איז דאָך דאָ איין עסק צואַרבייטען, פילדערען, שרייען און נישט זיצען,

לייידיג. מעהר פון אלע האט געברענט רב יעקב. און איטליכער ווארים האט א דארים: איין מאל, איז ער, הייסט דאך עס, דער עלטסטער, אויף איהם שטעהט דאס גאנצע שטעטיל און ער וועט בעדארפען גאט ענטפערען פאר די אלע חטאים, אפגעבען דין וחשבון פאר כל־ישראל. „פאר וואס רב יעקב – וועט דער מלך עליון, ברוך הוא וברוך שמו, זאגען – האסט־דוא נישט, וויא דער פאסטוך פארשט זיין טשערעדע, געטאן איבערפיהרען מיינע שאף ישראל אונטער דיין רוט, כדי זייא זאלען וויסען ווער עלטער איז און וואס פאר א גאט זייא האבען?!)....״ היינט צווייטענס, האט דאך אין דער מיאוסע מעשה געשטעקט דאס איידעמיל פון זיינעם א לייב־מענשען. אזוינס איז דאך שוין טאקי א פאדראס, נישט אויסצוהאלטען. און דריטענס – נוא, דאס מומלען שוין שונאים, לאז עס בלייבען צווישען אונז – האט די גאנצע מעשה גלאט נישט געטויגט רב יעקב׳ן צום עסק. דאס הארץ האט איהם געזאגט, אז די דאזיגע קליפה מיט איהרע ביכליך, ווען זיא האפט זיך חלילה אריין צווישען יודישע קינדער, קען איהם זעהר פיל שאדען צו זיין נאמען און צו די מיני געשעפטען זיינע, דענסטמאל איז ער דערהרגעט, וויא די פלעדערמויז אין פינצטערען קעלער בשעת עס האפט זיך אהין פלוצים אריין א שיין פון דער לעכטיגער זון...

אין דעם דאזיגען קאבעניש לאזט מען, עס פארשטעהט זיך, נישט אויס אונזער בנימינ׳ן. מען לויפט צו איהם משוגענערווייס און מען זוזשעט איהם אן פולע אויערען מיט דער מעשה, נאהענטע קרובים נעהמען און פיהרען די שיינע יונגע לייטליך צו בנימינ׳ן כבדי אויסצושטראפען, אויסצושייגעצען זייא פאר מענשען. אויף בנימינ׳ן, האט עס געהייסען, וועלען זייא לייגען כבוד און ער וועט שוין נישקשה מיט זייא לעהרנען בלק.

נאר אונזער בנימין נעהמט אויף די יונגע לייט גאר פריינדליך מיט א שיינעם „ברוך־הבא!״ ער בעט זייא זיטצען און מאכט א ווייטען שמועס, דאכט זיך, עפּיס גאר נישט צו דער זאך. דער שמועס אבער קומט אליין וואס ווייטער מעהר ארויף אויף א דרך, אלץ נעהענטער, געהענטער צום עסק. די יונגע לייט ווערען דערווייל גוט אויפגעלייגט, ריידען מיט א מויל און בנימין בעריהרט דעם חטא זייערען גאנץ דיליקאט.

– מילא, מאכט ער שטיל־רוהיג מיט משלים אויף זיין שטייגער, מילא דיר. חוה, האט זיך פארגליסט עסען פונם עץ־הדעת, מהיכא־תיתי, עס, אויף דיר די עברה. אבער פאר וואס האסט־דוא נאך געהאט פינ׳ם עץ־הדעת צו געבען אדם׳ן נעביך, ער זאל שטארבען?!

– הייסט עס א פנים, טהוען זיך די יונגע לייט א חאפ מיט פייער, אז בילדונג איז איין עברה און די קשיא איז, פאר וואס האבען מיר, ארמע בעלי־עבירות, נאך פארפיהרט אנדערע אין אזא אומגליק? אהא, מיר פארשטעהען, פארשטעהען! אזוי רב בנימין, בעטייטען אייערע ווערטער?



– יא, קינדער, אזוי.

– ניין! מיר אבער מיינען ניט אזוי. צושאקלען זיך די יונגע לייט מיט א שטעכענדיג שמייכעלע און נעהמען זיך אין איין פייער לעהרנען דעם אלטען בנימינ׳ן, אז בילדונג איז דאס... בילדונג איז יענץ... פאר יודען גאר א גליק. בנימין הערט אלעדינג געדולדיג אויס, נישט איבערצושלאגען די רייד. די יונגע לייט היטצען זיך, ריידען פאר פייער, פאר וואסער אלץ בילדונג, בילדונג, ביז עס לאזט זיך זייא אויס ווערטער און ווערען אנשוויגען. דענסטמאל הויבט אן בנימין גאנץ רוהיג, אנגעבויגען דעם קאפ און ווארפט פון זיין זייט ווייטער אריין א ווארט. אזוי:

– דער עץ־הדעת אליין פאר זיך איז גאר ניט שלעכט. שלעכט איז נאר אט וואס, וואס אדם מיט חוהן האבען באלד נאך דעם פארזוכען נאר פונ׳ם עץ־הדעת זיך שוין געשעהמט מיט זיך אליין, שוין זיך געפיהלט אומגליקליך וואס זיי זענען נאקעט, בארפים, נישט אנגעטאן וויא מענשען און אנגעהויבען צוקליידען זיך נאך דער ערשטער מאדע. אז אין גן־עדן האט מען זיך געפיהלט אומגליקליך, א פשיטא שוין היינט ערגיץ אנדערש!...

די יונגע לייט שטויסען זיך אן וואהין בנימינס ווערטער דערלאנגען און הויבען אן אלע אקעגען איהם צוטענהן, צו פארשיטען איהם מיט ניין מאס רייד, שרייענדיג דערביי אלץ: לאזט זיך דינגען, לאזט זיך דינגען! הגם בנימין איז געזעסען שטיל, נישט געעפענט קיין מויל. נאכדעם אז דער שמועס האקט זיך אפ, שטעהט בנימין אויף פונ׳ם בייגקעל, געהט זיך דורך עטליכע מאל הין און צוריק אין אלקיר און שטעלט זיך הערנאך פארטראכט לעבין פענסטער, וואס געהט ארויס אין א קליין גערטענדיל ביי זיך אין הויף, וואו זיין לעבען איז געווען זומער צוזיטצען, אנקוועלענדיג פון איטליכם ביימעלע, פון איטליכם גרעזעלע בעזונדער.

– א־א, וואס אין דרויסען טהוט זיך! זאגט בנימין א קוק געבענדיג אין פענסטער. עפיס א זאווערוכע גאר א שרעק! ס׳איז שוין נאך פורים, וועסנע־צייט, און דער ווינטער האלט, וויל נישט נאכלאזען!...

דער ווינטער האט געוויזען טאקי זיין ווילדע, שרעקליכע קראפט, גלייך וויא א פארוואונדעטע חיה־רעה, אין וועלכער עס צוברענט זיך די רציחה, פיהלענדיג איהרע לעצטע מינוטען און וויל זיך חאטש נוקם זיין אביסיל איידער זיא געהט פון דער וועלט. עס האט זיך צושפילט א שטארקער שטורמווינט, מיט ארוען, א געהייל וויא פון טשאטעס הונגעריגע וועלף, געריסען דעבער, געקערט, געטראגען גאנצע זיילען שנייא פון דער ערד ארויף, אויסמישענדיג עס אין דערלופט מיט א פריש, פארפרוירען שנייעלע ערשט ארויסגעשאטען פון שווארצליך־גרויע חמארעס, וואס האבען בעדעקט דעם הימעל ארום און ארום, אנמאכענדיג אויף איטליכען מיט זייער פינצטער פנים א שרעקליכע מרה־שחורה. אויף די געזימסען אונטערן דאך זענען געשטאנען איינגעהייקערט, מיט איינגעציגענע העלזליך, ווארענעס נעביך, אויסבאהאלטענדיג זיך פאר דער שרעקליכער בורע, וואס האט זייא פלוצלים אנגעפאלען, עפיס וויא זיך שטארק געוואונדערט, אין אזא צייט, ווען ביי לייטען, אין יענע געגענדען

דארט, איז שוין זימער, ווארם מחיה, זאל זיך דא אזוינס פלוצלים מאכען... – ביימער פאר דעם פענסטער, נאקעט מיט הוילע ריטער, אהן א סימן לעבען, וויא גרויסע פארדארטע בייזעמער, האבען זיך געשאקעלט, געווארפען, אנבויגענדיג דיא קעפ, וואהין דער ווינד בלאזט און, דאכט זיך, אט ווערען זייא צוברעכען, עס ווערד פון זייא א הויפען שפענער.

אויף אלע מענשען אין שטוב איז עפיס אנגעפאלען א מרה־שחורה, איטליכען נישט גוט אויפ'ן הארצען – און מען האט גערעדט, געשמיסט פון היינטיגער שלעכטע פאגאדע.

– פארפאלען, דאכט זיך, מיינע ביימליך! רופט זיך אן בנימין, א מאך געבענדיג בעטריבט מיט דער האנד. דער בייזער ווינטער מיט זיינע פרעסט און שטורמווינדען וועט, דאכט זיך, מיט זייא ענדען.

– האט נישט קיין פארכט, רב בנימין! טהוט איינער פון דיא יונגע לייט א זאג מיט אזא שמייכעלע, וואס האט עפיס בעטייט וויא: פרעג דיך בחרם, אלטער, וואס דוא רעדסט, דריגען האב איך שוין א ידיעה. – נישקשה, רב בנימין! דאס דאכט זיך טאקי נאר אזוי. דיא נאטור האט נישקשה פאר אייערע ביימליך זיך געזארגט. בכדי זייא צודערהאלטען, דאס זיא דעם זאפט אינווענדיג אין זייא אויף א צייט איינגעשטעלט, גוט באהאלטען, וויא מען בעהאלט עפיס איין עסענווארג אין קעלער גוט פארוויקעלט, פארשטעקט. דיא קעלט זאל עס נישט איבער פיהרען.

– א־ווא! מאכט בנימין, וויא גרויס איז גאטס וואונדער!... נוא, א שטייגער, אז מען וואלט מיט עפיס אזא קונץ געמאכט אצינד, דער זאפט זאל ארוים פונם באהעלטעניש פרייא און אויף דיא צווייגען זאלען שפראצען בלעטליך, נוא, וואס? מען זאגט, מיט דער שווארצער־קונץ האבען מענשען געמאכט א מאל אזעלכע זאכען.

– דאס איז מעשה־פאקוסניקעס. רופט זיך אן נאך איינער פון דיא יונגע לייט. דורך אזוינע פאקוסען וואלטען דיא ביימער אומגעקומען. דאס איין מינוט געמאכטע גרינקייט, קלאמפערשט, וואלט זייא געקאסט דאס לעבען זייערס. דער פראסט וואלט א חאפ געטאן דעם זאפט, געמאכט אוים איהם תל, דיא צווייגליך מיט דיא געמלאכהטע בלעטליך וואלטען געגאנגען קאפוט און פון פירות וואלט אפילו קיין אנהויב נישט געוועהן.

– הייסט דאך עס אפנים, קינדער, ווי איהר זאגט, מאכט בנימין וואונדערנדיג זיך, אז וואס גאט טהוט איז גוט און קלוג. זעהר שיין חלעבין! פאר וואס־זשע זאלט איהר, קינדערליך, אין דיא יודין אצינד, ביי זייער היינטיגע לאגע, נישט זעהען דיא אייגענע גבורות הבורא, וואס אין דעם בוים ווינטער? א יא, דער הימעל איז אצינד ארום און ארום בעלייגט מיט פינצטערע חמארעס, פון אלע זייטען שטורמען שטארקע קאלטע ווינטען. דער יוד שאקעלט זיך נעביך, אנבויגענדיג דעם קאפ אהין און אהער אהן א רגע מנוחה, דאכט זיך, אט פאלט ער און עס ווערד אוים איהם א הויפען



ביינער. נאר דער זאפט פונ'ם יודישקייט אבער ליגט אין איהם גיט באהאלטען, ס'איז דא טיף אינוועניג אין איהם א לעבען, א נשמה... לאז מען־זשע אצינד איהם לאזען צורוה און נישט וועלען מיט געוואלד, דורך פאקוסען, אנהיינגען אויף איהם פאר דער צייט עפיס בלעטליך אזעלכע, וואס חוץ צרות, קריינקונג און יסורים וועט דערפון קיין פירות נישט ארויסקומען. – שפעטער, אם־ירצה־השם, אז עס וועט א שיין געבען די לעכטיגע זון, די ווינטען וועלען גישטילט ווערן אין דרויסען וועט זיין מחיה ווארם – דענסטמאל וועט, וויא ישעיה הנביא זאגט, שפראצען און בליהען ישראל און ארוים געבען פיל פרוכטען... אז אין גוטע צייטען גיט ישראל דער וועלט גענוג פרוכטען ארוים – רעדפאר קען דיא יודישע היסטאריע זעהר גוט ערב זיין...

בנימינס רייד האט וויא א בליטץ פלוצלים דיא יונגע לייט געטראפען, זייא האבען זיך אנגעקוקט שטארק פארוואונדערט און געבליבען אהן לשון. דער עלטערער פון זייא האט זיך באלד בעטראכט און זיך אנגערופען מיט הארץ:

– ווילט איהר אפנים, רב בנימין, מיר זאלען נישט לעהרנען! וואס זאלען מיר טאן, אז אונז גלוסט זיך פארט עפיס וויסען און זיין שטיקליך מענשען!...

– חלילה! ענטפערט בנימין. לעהרנען חכמה, מהיכא־תיתי מעגט איהר, נאר מיט דיא דאזיגע תנאים: ערשטענס, זאלט איהר, קינדערליך, דערביי נישט פארגעסען דיא צייט, אין וועלכער איהר לעבט און אלסדינג וואס ארום אייך טהוט זיך אצינד און שטארק געווארענט זיין. איהר זאלט למען־השם ולמען־השם זיך היטען, דיא קעלט פון דרויסען זאל אינוועניג אין אייך זיך נישט אריינכאפען און קאליע מאכען דעם לעבענסזאפט פונ'ם יודישקייט. איהר בעדארפט אויך ביי אייך פונם אנהויב אן זיין גרייט, פונ'ם לעהרנען נישט צודערווארטען פאר אייך קיין גרויסע גוטצען און גליקען אין לעבען חוץ דעם פארגניגען אליין, וואס דעם מענשענס הארץ פיהלט גאר טאקי פונ'ם פארשטעהען עפיס א חכמה. דעם יודענס לעהרנען בעדארף און מוז זיין לשמה. פארשטעהט איהר מיך, כל־ישראל יש להם חלק לעולם הבא. יודען האבען – עולם־הבא... און צווייטענס, זאלט איהר אצינד גישט וועלען מיט געוואלד אנהיינגען יענעם אייער בילדונג, דורך וועלכער איהר קענט איהם נאך מאכען מעהר אומגליקליך... איהר וועט געפינען עפיס אנדערש אין פראקטישען לעבען מיט וואס ניטצליך צו זיין אייערע ברידער, אויב איהר ווילט.

בנימינס ווערטער זענין דיא יונגע לייט טיף אין הארצען אריין. מיט טרעהרען אין דיא אויגען האבען זייא אנגענומען איהם ביי דער האנד און געשוואוירען זיינע ווערטער אייביג צוגעדיינקען...

אז דיא יונגע לייט זענין מיט א געריהרט הארץ אוועקגעגאנגען, האט מען געזעהען, וויא בנימין איז עפיס צוטראגען, די האלב־צוגעמאכטע אויגען זענין איהם פארלאפען מיט טרעהרען. נאך עטליכע רגע שווייגען זאגט ער מיט א קרעכץ, שאקלענדיג דערביי מיט'ן קאפ:

– וואס איז שולדיג דאס ארמע קינד, דאס יתומ'ל נעביך, אז דאס יונגע בלוט

איז ווארם? אז עס גלוסט זיך איהם נעביך אויך אנקוקען גאטס וועלט, צו לעבען, ארבייטען, צופיהרען אביסעל דיא העניטליך אין דיא יונגע יאהרען וויא אלע אנדערע?... ניין, יתום׳ל! זאגט מען איהם, דיין בלוט טאהר נישט זיין ווארם... ניין, נישטא פאר דיר קיין יוגענד!... לאז זיך איין ארעמאנס א קינד נישט גלוסטען, שטופ זיך נישט צווישען אנדערע! זייא מעגען אונ דוא טאהרסט נישט, דאס וואס פאר זייא איז א גליק איז פאר דיר גאר איין אומגליק. שא, ליג בעגראבען!... א רחמנות חלעבין אויף דיא דאזיגע יונגע לייט. זעהר וואוילע קינדער! — —

רב יעקב האט דערוויל נישט גערוהט, דאס איידעמיל האט, אויף זיין בעפעהל, דער שווער שוין ארויסגעטריבען, איהם געצווינגען דער טאכטער זייער געבען א גט. דאס יונגע פאר פאלק, זאגט מען, האבען צווישען זיך זעהר גוט געלעבט אונ ביים צושיידען זיך ביידע שרעקליך געוויינט. מיט זייא אין איינעם האט געוויינט זייערס א קליין מיידעלע, וואס איז אין דיא קינדערשע יאהרען נעביך איבערגעבליבען א וויסטע יתומה׳לע. האט דאס וויסטע קינד געבעך, אויסשטרעקענדיג דיא הענטליך אונ זוכענדיג מיט דיא אייגליך, געשריגען א מאל אין איין קול: טא — טא!... פלעגט דיא פארומערטע מאמע זיך בעוואשען מיט בלוטיגע טרעהרען, אפענטפערענדיג שטיל, טרויערדיג: שא, נישטא טא! ... יסט זענען מיר ביידע, שא, שא!... אונ אז רב יעקב האט דא געטראכט, זיך צוגעגרייט "איבערצופיהרען דיא איבעריגע שעפעליך ישראל אונטער זיין רוט" איז ער זיך דערגאנגען דורך זיינע לייט, וואס האבען איהם אפגעטראגען מיט זייערע אייגענע צוגעלייגטע פזמונות, אז בנימין האט דער "קליפה" גאר געגעבען געהערט, אז דיא טרפהנע יונגע לייטליך זענען איהם זעהר געפעלען אונ ער איז מיט זייא גאר איינס!... רב יעקב איז געווארען אנגעצינדען, פלאם-פייער אונ האט זיך געגעבען א נדר, ער מוז פון בנימינ׳ן מאכען אש, דאס האט ביא איהם נאך געהייסען א גרויסע מצוה. בנימין איז דאך איין אפיקורוס אונ אקעגען איין אפיקורוס מעג מען טאן אלסדינג... זוכען א סך וואס צוטאן האט רב יעקב נישט בעדארפט, ביא איהם איז תמיד געווען פארטיג א שפרוך אונ געקענט צולייגען א קנייטעל...

אין א קורצער צייט ארום איז דער רעוויזאר פונם אקציז מיט עטליכע פאליציייסקע איבערגעפאלען פלוצלים בנימינס הויז אונ איהם פארחתמעט אויף אייביג זיין געהייבען שיינקיל... בנימין איז אויף דער עלטער געבעך געבראכען געווארען פון ברויט אונ זיך נאך פארזעמצט דארויף אונ דערצו נאך, צובעצאהלען דעם שטראף, וועלבען מען האט אויף איהם ארויפגעלייגט. ס׳איז געווען עפעס איין אונטערגעזארפענע מעשה...



## V.

דיא שיינע פרנסה מיינע. מישטעהנס-געזאגט, מיט ספרים, האט מיך אויף א היבשע צייט אפגעריסען פון דער היים, אונ פונם שטענדיגען ארומוואגלען זיך צווישען יודישע קינדער, פון איין שטעדטיל צום אנדערען, איז מיר דער קאפ געלעגען נאר אין דעם ביידעל סחורה, ווייטער איז מיך נישט אנגעגאנגען דיא גאנצע וועלט, זיא זאל זיך געווען אפילו איבערקעהרען, וויא דער שטייגער איז פון אלע יודישע סוחרים, בעזונדערענס יענע, וואס גיבען זיך אפ מיט ספרים... נישט דאס בין איך אויסען.

אז איך בין אין-א צייט ארום צוריק געקומען א היים אונ מיך ארומגעקוקט, וואס טהוט זיך דארט אזוינס, האב איך געהערט, אז בנימין איז אויס בעל-הבית, זיין הויז מיט האק אונ פאק איז איבערגעגאנגען אין פרעמדע הענד, מען האט עס אפגעשאטצט אונ פארקויפט פאר דיא חובות זיינע. שרה, זיין ווייב, איז פאר גרויס עסעניש אונ קריינקונגען פון דער וועלט געגאנגען פאר דער צייט, אונ ער נעביך, איין אלמן, לעבט אין נויט אין פיין, אויף דיא עלטערע יאהרען עלענד וויא א שטיין. רבי יעקב, אקעגען-זשע, געזונט אייזען, אין עושר אין כבוד, ברוך-השם, דרעהט וויא פריהער א וועלט אונ פיהרט נאך אלץ דאס גאנצע שטעדטיל ביא דער נאז, מיט דעם אויבער-שטענס הילף. עס שיינט, בליהט וויא א רויז אונ זיך דערלעבט אויף דער עלטער זעהען יונגע נייע עזות-פנימער, וואס וואקסען וויא קראפעווע ארום איהם, אונ וואס וועלען אין זייער צייט, אם-ירצה-השם נאך דער פטירה זיינער, ארויף אויפן ביינקיל אנ-שטאט איהם, כדי יודישע קינדער, צאן-קדשים, זאלען איין רגע חלילה נישט בלייבען וויא שאף אן א פאסטוך, וויא א טשערעדע אן הינד. —

אונ אונזערע יודעליך? וואס מאכען זייא עפעס, מיט וואס האט זיך אויס-געלאזט זייער דולעניש א מאל? — אוי, שוין בעסער שווייגען!... איבעריגענס, פרוב-פערען זייא זיך אונ מעהרען, זענען גרויסע קבצנים, גוטע, דומע שעפעליך, תאפען א שמיטצעל אונ שא.

איינמאל האב איך מיך אריינגעלאזט אין א שמועס מיט באקאנטע, בנימינ׳ס גוטע פריינד. עס האט מיך אונטערגעטראגען פאר רחמנות אויף איהם, נעביך, גע-װאלד צו וואס אזא מענש איז געקומען! אונ דורך וועמען? דורך עפעס א מין נפש, איין עזותניק א גארנישט, מישטעהנס-געזאגט! איך קרעכץ, זיפץ אך-אונ-וועה, רעד אונ רעד, עס פוקעט זיך מיר דאס הארץ אונ מען זאל זיך עס חאטש אנרופען, ארויס מיט א ווארט אלע שווייגען, פאר גרויס שרעק, מסתמא. איינער פונם עולם, אמת, האט זיך שוין נישט געקענט איינהאלטען, נישט געקענט שוין איבערטראגען, אזוי האט עס איהם אנגענומען ביים הארץ. ארומקוקענדיג זיך גוט אין אלע זייטען אונ געזעהען, אז קיינער, חוץ אונזעריגע, איז נישטא האט ער זיך אנגעלאדען מיט גרויס גבורה. ער האט זיך אנגעבייגען אונ שטארק אין כעס, פלאם-פייער, אי-אי! מיר אין זויער אויסגעשאסען בסוד יענץ מיאוס הארב ווארט:

יאַנקויץ, אַרוהא אין דיין טאַטענס טאַטענס, טאַטענס...!

יענע לייט אַרום מיר האָבען עס נישט געהערט, אָדער זיך געמאַכט נישט הערענדיג כלומרשט, נאָר דער רוח האָט זייא פאַר שרעק שיעור נישט צוגענומען און זענען אין איין אימפּעט, וויא דיא מייז אין דיא ווינקעליך, זיך צולאָפען. — איך בין געבליבען, אוי-וועה, איינער אַליין! איך שטעה, קוק. שאָקעל-נאָך מיטען קאָפּ און שים פאַר האַרצווערהטיג אוים מיט אַ ביטער געלעכטער! —

---

# ניי-מאָדישער ווערטער בוך.

1 „אַפּריל" — אַ טאָג אין יאָהר אין וועלכען מען איז זיך נוהג אָפּ צו נאַרען איינער דעם צווייטען. אין דער סוחרישער וועלט פייערט מען איהם 365 מאָל אין יאָהר.

„באַנקראָט" — אַ ניי מאָדישע קריינק; די זעלבע סימפּטאָמען ווי ביי די „פּאַלליגע" ר"ל: עס דויערט אַ קורצע צייט געהט עס איבער און מען ווערט צוריק אַ מענש ווי געוועזען...

„בודואַר" — דער איינציגער עדות פון ווייבערשע שאָנהייט...

„ברילליאַנט" — דער איינציגער שטיין וועלכען עס איז ערלויבט צו וואַרפען אויף איין פרויענצימער...

„דאָקטאָר" — ער האָט שאַנסען צו לעבען לאַנגער פון אַללע זיינע פּאַציענטען, ווייל ער לעבט פון די רעצעפּטען, און ניט נאָך די רעצעפּטען...

„וואַלץ" — אַזאַ מינעראַל וואָס געפינט זיך אַפילו אין די קלענסטע קלייטליך פון אַ קליין שטאָדטיל, נאָר גאַנץ ווייניג ביי פיעלע שרייבער און שריפט-שטעלער.

„זי" — דער אידעאַל פון מאַנספּערזאָנען און די העלדין פון אַ ראָמאַן.

„מענש" — אַזאַ זאַך וואָס דער בערימטער דיאָגענעס האָט עס געזוכט ביי טאָג מיט פייער...

„סוחר" — אַ מענש וואָס האַנדעלט פלייסיג מיט אַללעס, איבער הויפּט מיטען סאָוועסט.

„פּאַפּוגאַי" — אַ מין פויגעל וועלכער רעדט נאָך איניגע ווערטער פון מענשען; מען קען איהם זעהען אין פיעלע היינטמאָדישע יונגע לייט.

„פרויענצימער" — אַ מין קויל וואָס ברענט שטענדיג און ווערט קיין מאָהל ניט פערלאָשען...





# צווישען זיך גערעדט.

## וועגען אונזערע שרייבער און די „טייערע לעזער".

(אַרוים גענומען פון אַ בריעף צו אַ פריינד.)

... געוויס שטעהט יעצט אונזער ליטעראַטור אויף אַ פיעל העכערע שטופע ווי אַמאָל, פריער האָבען אונזערע רעדאַקטאָרען און אַרויסגעבער גאָר ניט געוואוסט, אַז אַ שרייבער איז ניט ערגער ווי אַ שוסטער, וועלכען מען באַדאַרף באַצאָהלען פאַר זיין מיה און אַרבייט, דאָס וואָרט „האָנאָראַר" האָט גאָר ניט פיגורירט אין זייער ווערטערבוך, „וואָס הייסט? נאָך געבען געלט דערפאַר, וואָס מען דריקט זיין אַרטיקעל? נאָך צו-צאָהלען דערפאַר, וואָס דורך מיר ווערט ער אַ מפורסם?" עס איז אויסגעקומען אַז דער שרייבער ברויכט גאָר דעם רעדאַקטאָר געבען עטליכע אַסיגנאַציעס, פאַר דעם כבוד וואָס ער איז איהם מזכה, אויפנעהמען זיין אַרטיקעל.

פאַרשטעהט זיך, אין אַזאַ צושטאַנד האָט די ליטעראַטור ניט געקאָנט זיך ענטוויקלען, ביי אונז האָט ניט געקאָנט זיין קיין פּראָפעסיאָנס-ליטעראַטען, וואָס זאָלען זיך אָפּגעבען אין גאַנצען דער ליטעראַטור און ציהען פון איהר זייער פרנסה, און דו, פריינד, ווייסט דאָך ווער זענען געוועזען אונזערע מייסטענס ליטעראַטען אין יענע צייטען: אַ סוחר, אַ קרעמער, אַ מוכר-תבואה'ניק, אַ משכיל, אַ ראַבינער אָדער אַ לעהרער — ווען זיי זענען פריי געוואָרען פון זייער בעשעפטיגונג און עס האָט זיך זיי פאַרגלוסט אַביסעל כבוד אָדער פערגעניגען, האָבען זיי גענומען די פעדער, אויפגעשריבען אַ נ'אַרטיקעל און אַוועק געשיקט דעם רעדאַקטאָר, האָט געקאָנט אויף אַזאַ אופן בליהען אונזער ליטעראַטור? קאָנן וואַקסען אַ קווייטעל, וואָס מען בעגיסט עס ניט רעגעלמעססיג מיט פרישע וואַססער פון אַ זיכערע קוועללע, נור פון איינציגע צופעליגע בעטטעל טראָפּען?...

אודאי איז היינט גאנץ אנדערש. צייט עס האבען אנגעפאנגען די טאגליכע צייטונגען און די — העברעאישע און זארגאנישע — זורנאלען, ביכער, זאממלער, קאלענדארען און כל-בוי'ניקעס, און די ארויסגעבער האבען געזעהן, אז אהן שטאנדיגע מיטארבייטער וועלען זיי ניט אויסקומען, און ווען זיי וועלען ווארטען אויף נדבות, צופאליגע, געשאנקטע ארטיקלען, קאנען זיי געהן שלאפען... האבען זיי געמוזט אראבלאזען דעם טאן, זיך אונטערגעבען צו די שרייבער און זיי פארלעגען האנאראר פאר זייער ארבייט.

געוועהנליך, וואס מעהר עס רודערט זיך איז אלץ פאר די שרייבער בעססער. וואס מעהר אויסגאבען, ביכער, קאלענדארען, און יאהרביכער עס דרוקען זיך, מעהר שאנסען האט דער ליטעראט, פארדינען א רובעל מיט זיין מיה, און מעהר האפנונג האט די ליטעראטור, געווינען נייע קרעפטע און זיך ענטוויקלען. — ביי אונז הייבען זיך שוין אן צו ווייזען יעצט פראפעסיאנס — ליטעראטען, ד. ה. אזאלכע, וואס האבען קיין אנדער בעשעפטיגונג אויסער דער שרייבעריי, און די פעדער איז זייער ברויט געבערין.

נור אויב דו ווילסט וויסען מיין מיינונג, זאג איך דיר גאנץ אפפען, אז איך זעה נאך ניט אין דעם די ישועה פון אונזער ליטעראטור. איך בין א פעססימיסט, און מיר שיינט. אז, כל זמן מיר וועלען ניט האבען קיין „פובליקום", קאנן פון דעם גאנצען געריידער ארויסקומען נור — עטליכע צאהנדליג שפאגעל-נייע קבצנים, און די ענדע קאנן חלילה זיין — א באנקראט!

דער מענש וואס פארלאזט זיך היינט אין גאנצען אויף דער ליטעראטור, זי זאל זיין די איינציגע קוועלע צו זיין פרנסה — זעהט ביי מיר אויס, גלייך ער וואלט זיך אנגעטוהן א טארבע געהן איבער די הייזער, די טארבע איז אפילו א זיידענע, נור אלץ א טארבע! אונזער ליטעראטור האלט נאך ניט ביי דער מדרגה, זי זאל די שרייבער געבען ברויט און צום-ברויט. דאכט זיך עס קאכט און עס רודערט, מען שרייבט און מען קלאפט און מען איז מרעיש עולמות — דאך ווינש איך ניט מיין ערגסטען שונא ער זאל דארפען אנקומען צו דער ליטעראטור און פון איהר מפרנס זיין ווייב און קינד.

דו וועסט פרעגען „ווארום?" אז ס'איז יא פאראן אזוי פיעל בעלנים אויף דעם שרייבערס סחורה און די פארלעגער מיט די ארויסגעבער צאהלען שוין יא פאר ליטעראר'ישער ארבייט, פאר וואס זשע זאל מען טאקי ניט קאנען לעבען פון דער פעדער?

לכתחילה ביזט דו טאקי גאנץ גערעכט. איך זאג שוין ניט די רוססישע, דייטשע אדער פראנצאזישע ליטעראטען, וועלכע האבען מיט זייער פעדער געמאכט מיליאנען און זיי לעבען ווי די מאגנאטען. פון די איז דאך קיין ראיה ניט, זיי זענען קינדער פון רייכע נאציאנען; דאס פובליקום וואס לעזט און קויפט זייערע ביכער בעשטעהט פון מיליאנען, איז קיין וואונדער ניט, אז די גרויסע, טאלאנט-פאללע ליטעראטען לעבען דארט גליקליך, און אפילו די מיטלערע שרייבער קאנען אויך לעבען בכבוד און אהן זארג. נור בעטראכטען



מיר די קליינע פעלקער, למשל: די באהמען (טשעכען), די רומינער, אדער דא ביי אונז די פאליאקען, וויפיעל פאליאקען זענען דא אין דער וועלט? א 10 מיליאן, אזוי פיעל ווי יודען. און ווי שטעהט ביי זיי די ליטעראטור? ביכער און זשורנאלען ווערען פארקויפט אין די טויזענדער, מאססען צייטונגען און בלעטטער ווערען טאגליך געדרוקט און צוטהיילט צווישען הונדערט-טויזענדער לעזער, בוכהאנדלונגען זענען דא לרוב און יעדער מאכט קאלאסאלע געשעפטען, הונדערטער ליטעראטען לעבען בלויז פון דער פעדער און לעבען גאנץ פיין. די גאנץ גרויסע, די בעריהמטע שריפטשטעללער, האבען זיך זייערע פאלאצען און גיטער און לעבען „ווי גאט אין פראנקרייך", אפילו די קליינע ארטיקלען — שרייבערליך, די ראפפארטערליך — לעבען אויך מענשליך, פאר וואס זשע זאל ביי אונז יודען ניט זיין אזוי? פאר וואס זאלען אונזערע שרייבער לעבען אין נויט?

דער תירוץ, ברודער, איז אויבען אויף. זיי, די אומות העולם, האבען א פובליקום און מיר יודען האבען ניט קיין פובליקום. זיי, די אומות העולם ליבען די ליטעראטור און שטיצען זי און קויפען איהרע פרוכט, און מיר יודען האבען קיין שטיצער און קיין קויפער, קיין ליטעראטור-פריינד און קיין מעצענאסטען. דאכט זיך עס איז א גאנצער יריד, עס קלאפט און עס דרוקט זיך ביכער, זשורנאלען, יאהר ביכער, קאלענדארען ערצעהלונג-זאמלונגען א. ד. ג., אבער גיב א קוק וואס זאגט דער באראמעטער — דער מוכר-ספרים מיין איך? פרעג איהם וויפיעל מענשען קויפען ביי אונז ביכער? ווער איז אונזער לעזע-און קויף-פובליקום?

א פאלק פון אהן עין הרע, צעהן מיליאן מענשען. האט א פובליקום פון קוים 5—6 טויזענד פארשוין: א 3—4 טויזענד פון זיי אבאנירען די צייטונגען, א 2 טויזענד שרייבט אויס זשורנאלען, און טאקי די אייגענע קויפען העברעאישע און זארגאנישע ווערק, און דאס זענען אונזערע „קוראים יקרים" (טייערע לעזער) און אויף זיי איז דאס געבויט אונזער גאנצע ליטעראטור! וויפיעל ווערט ביי אונז פארקויפט א בוך? טויזענד עקזעמפלארען — קוים אויף הוצאות פון דרוק, זעלטען א בוך זאל פארקויפט ווערען 3—4 טויזענד, אונזערע פערלעגער פארדינען גאנץ ווייניג; ביי מאנכע ספרים האבען זיי נאך שאדען, דארום זענען זיי ניט אימשטאנד צו בעלויהנען גוט די שרייבער, דארום לעבען די שרייבער אין צרות און דער קבצן ליגט זיי אויפ'ן פנים, און דארום בין איך ניט אזוי ענטציקט פון דער גאנצער קאבעריי וואס געהט פאר יעצט אין אונזער ליטעראטור, דאס זעהט מיר אויס נור קינסטליך, ניט נאטירליך, און איך האב אלץ מורא פאר א באנקראט...

און דו מאכסט מיר נאך פארווירפע, ווארום איך גיב מיך ניט איבער דער ליטעראטור? פארוואס איך האפ ניט א מאהל א קערבעל מיט דער פען? פריינד, עס וועט זיין א מנין אהן מיר אויך, און מיר איז ווירקליך א רחמנות אויף מיינע פיצעליך קינדער, די אומשולדיגע נפשות, זיי אריי

וואָרפֿען אין דלות און אין דחקות. איך וויל מיך דרייהען ווי ווייט מעגליך אבי קיין יודישער ליטעראט ניט זיין! ניט געהמען אויף זיך די זיידענע טארבע, וואס מען קען זי שוין נאכדעם ניט אויסטהון. — דו ביזט ווייט פון ליטעראַרישען מארק, דו קאנסט ניט אזוי גענוי וויסען ווי די עסקים געהען; איך אבער בין דא אויפ'ן פלאטץ, איך זעה און בעטראכט אללעס גענוי, מיט אפענע אויגען, ווייס איך אז ס'איז שוין פיעל בעססער צו זיין א מלמד, א שדכן, א בדחן, א שול-קלאפער, אבי ניט קיין ליטעראט. באדיי האלץ האקען, אבי ניט שטארבען אין פרעמדע תכריכים און פאר דער אלמנה מיט די יתומים זאל מען דארפען בעטלען נדבות.

מיינער אבעקאנטער יודישער שרייבער האט מיר דערצעהלט: איינער א הערויסגעבער האט ביי מיר פאריגעס יאהר בעשטעלט איין ארטיקעל א ערצעהלונג, און האט מיר פארשפראכען צו בעלויהנען. איך האב געשריבען עס האט זיך אפגעדרוקט, און איך האב קוים ארויסגעצויגען פון הערויסגעבער א פאר רובעל. עס האט מיך פארקלעמט ביים הארצען און האב געגעבען מיין וואָרט, אז מעהר זאל איך שוין פאר איהם קיין פעדער ניט איינטונקען פאר א פאר וואכען בעגעגענט ער מיך און בעקלאגט זיך שטארק אויף דער שווערער פרנסה, אויף די שלעכטע צייטען, ער מאכט מיר ארעכנונג אז ער האט אין זיין אויסגאבע פארדיענט זעהר וועניג, און נור על פי נויטה ווייל ער האט ניט עפיס בעססערס געהט ער ווייטער ארויסגעבען און בעט מיך איהם געבען איין ארטיקעל. קיין סך איז ער ניט אים שטאנד צו בעצאהלען נור א פאר קערבליך, פון וועלכע די העלפט גיט ער מיר שוין. — מיר, אזוי דערצעהלט מיין בעקאנטער — האט אזוי אנגענומען ביים הארצען, איך האב אזא מיטלייד געהאט מיט דעם אומגליקליכען הערויסגעבער, אז איך האב געבראכען מיין וואָרט און איהם געגעבען א נייעם ארטיקעל, הגם איך בין אליין אויך ניט קיין פערמעגליכער.

אט האסט דו דיר א בילד פון אונזערע ליטעראַרישע גליקען און מאכערייען!

דו זאגסט: די חברה „אחיאסף" גיט פיעל צו פארדינען די לשון-הקדש שרייבער. אמת. דורך דער חברה איז די העבראישע ליטעראטור געשטיגען האכער ווי אין די פאריגע יאהרען; די „אחיאסף" האט טאקי שוין היבש געלד בעצאהלט שרייבער, פאר איבערזעצונגען און פאר ארגינעלע ארבייט, אבער „איין שוואלב מאכט קיין זוממער נישט". איין איינציגע חברה קאנן ניט אויפריכטען די ליטעראטור, און — איך בין אלין דער זעלבער פעססימיסט, איך זעה פון דער חברה אויך ניט ארויס קיין גרויסע זיבען זאכען. אמת טאקי, איהר המצאה: ארויס געבען העפטליך אדער איינציגע בויגען, צו 5 אדער 7 קאפ' א העפטיל, איז זיי געראטען. אונזערע ברידער וואס האבען ליעב א נייע זאך, האבען זיך געווארפען אויף די העפטליך מיט גרויס חשק און זשאלעווען ניט די צעהנערליך. די „אחיאסף" האט פאר זיך א גראסער



פובליקום ווי אלע אנדערע פארלעגער און ארויסגעבער. נור מיינסט אפשר אז איהר פובליקום גרייכט צו 20 טויזענד אדער כאטשי 15 טויזענד — אזוי פיעל ווי איין פאלנישער „קוריער ווארשאווסקי" האט אבאנענטען? חלילה! מיר שיינט, אפילו ניט קיין זעקס טויזענד, הלואי די חברה זאל ניט מיעד ווערען, פארדרעהען זיך דעם קאפ מיט אזוי פיעל פיצלעך ספרים'ליך, מיט געשעפטען פון האלבע און פירטעל גראשען, מיט מוכרי-ספרים און אגענטען, מיט קאנטעס דעבעט און קרעדיט אויף דריטהאלבען גילדען... הלואי עס זאל דער חברה טאקי לוינען צאהלען די שרייבער ארענטליך האנעראריום, און צו איהר זאלען צוקומען נאך עטליכע אזאלכע חברות... הלואי! איך בין אבער פארט א פעססימיסט. —

עס איז לייכט צו פרעגען; ענטפערין איז שוין א גאנצע מלאכה. דיין קליין בריוועלע האט אין זיך נור זעקס פראגעס, און אז איך זאל דיר וועלען אויף זיי גענוי ענטפערין, דארף איך אנשרייבען א גאנצען ספר, למשל אויף דיין קורצער פראגע: „פארוואס שרייבען די מייסטען פון אונזערע שרייבער נור וועגען בילדונג, חסידיזמוס, ישיבה בחורים, ארץ-ישראל, נאציאנאליזמוס און מעהר ניט? פאר וואס איז אונזער ליטעראטור אזוי ארעם אין שילדערונגען פון אונזער לעבען, נור כמעט אלע דרעהען זיך אין איין קליין רעדעל?" — עס איז פיעל צורעדען דאריבער. נור קורץ וועל איך דיר זאגען, אז לויט מיין מיינונג איז די אורזאכע דערפון אויך דאס איינענע — וואס מיר האבען ניט קיין פובליקום, ווען מיר וואלטען געהאט א פובליקום, ווען אונזער גאנץ פאלק זאל שאצען, שטיצען און ליבען די ליטעראטור און קויפען די ביכער, און ווען שרייבערי וואלט געוועהן אזא פרנסה ווי למשל דאקטאריי, אדוואקאטור, אדער וועניגסטענס בוכהאלטעריע אין א באנק געשאפט, וואלט די בילדונגס-שטופע פון אונזערע ליטעראטען געוועהן פיעל האכער און אין אונזער ליטעראטור וואלט מען באגעגענט פיעל מעהר טאלענטע. ביי זיי, ד. ה. ביי די איבעריגע פעלקער, זעהט מען, אז די מייסטען שרייבער זענען האכסט געבילדעטע לייט, זיי האבען געענדיגט די אוניווערזיטאט אדער אקאדעמיע, איינער איז פון פאך א יוריסט, דער צווייטער א דאקטאר, דער דריטער — נאטורפארשער, פילאלאג, היסטאריקער א. ד. ג., און זיי האבען זייערע פאכער אוועק געלעגט און זיך גענומען צו ליטעראטור, וועלכע גיט זיי מעהר פרנסה ווי פארטהיידיגען א גנב אדער טאפען א געשוויר. — אזעלכע געבילדעטע ליטעראטען שרייבען מיט פערשטאנד, מיט פיעלזייטיגע קענטעניס, מיט לאגיק און גרינדליכקייט. זיי צוגלידערען די שווערסטע פראגען פונ'ם לעבען, זיי בעטראכטען יעדע זאך פון אללע זייטען און האבען זייער איינענע מיינונג אין יעדער געלעגענהייט. — דאס פאלק, וואס ליעבט די ליטעראטור ליעבט און שאצט אויך די ליטעראטען. זיי ווערען גערעכענט פאר דער אינטעלליגענץ, פאר דער איידעלסטער און פיינסטער קלאססע. אלע ארטער זענען פאר זיי אפען, אין אלע גראסטע הייזער זעהט מען זיי גערן, אין אלע

סאלאנען אונטערהאלט מען זיך מיט זיי, די גראסטע עדעללייט זענען מיט זיי בעפריינדעט, און דאס אללעס פיינערט דעם ליטעראט'ס געשמאק, עדעלט זיינע מאניערען, זיין עסטעטיש געפיהל, בערייכערט זיינע בעטראכטונגען און גיט איהם לוסט צו שרייבען און מאכט זיין שרייבען אינטערעסאנט. ביי אונז אבער, אז קיין פובליקום האבען מיר ניט, אז דאס שרייבעריי איז נור א טארבע, א סגולה צו זיין א דלפן, דאס מעהר ליטעראטען זענען וויינינ געבילדעט צו זייער ארבייט. מאנכע האבען אפילו היבש בילדונג, אבער אויטאדידאקטיש — אליין פון זיך, עס שמעקט פון זיי דער „ארעם בחור"... און מיט וועמען קומען זיי אין בעריהרונג? האבען זיי דען די מאגליכקייט און די געלעגענהייט, ערקענען דאס לעבען אין אלע אופנים? און אין וועלכע סאלאנען קומען זיי אריין? ווי קוקען אויף זיי אונזערע מאגנאטען, אונזערע גבירים קצינים? ווי אויף פוסטע קאפ א. ד. ג. אונזערע גבירים אונטערעסיערט מעהר די קלענסטע אקטריסע פון דעם קלענסטען טעאטער ווי אונזער גראסטער ליטעראט מיט זיינע בערוהמטע ווערק. וואו קען דער יודישער שרייבער ביי אזא לאגע האבען הרחבת הדעת און געלעגענהייט צו קענען דאס ווייטע און ברייטע לעבען און שרייבען פיין, פערשטאנדיג און גרינדליך ווי איין אייראפעאישער שרייבער? —

דו זאגסט, אז אין אונזער ליטעראטור פעהלט „דאס שאנע געשלעכט" דו האסט זעהר רעכט. אונזער ליטעראטור וואלט געוויס פיעל האבער געשטאנען, הן מאטעריעלל הן מאראליש, ווען אונזערע פרויען און טאכטער וואלטען זיך אינטערעסירט מיט איהר, און ווען מיר האבען א גרויס פובליקום פון לעזערינען און פיעל שרייבערינס. — איך מיין ניט לעזערינען ווי דאס פובליקום פון שמר"ס ראמאנען, די קעכענס און דינסטען. הלואי וואלטען מיר יענע ראמאנען מיט יענע לעזערינס ניט געהאט... איך מיין אינטעלליגענטע לעזערינס, פרויען מיט בילדונג און געשמאק. ווי אנדערש וואלטען אונזערע ליטעראטען געשריבען, ווען זיי ווייסען אז זייערע ווערטער לעזען אזוינע פרויען! וויפיעל מעהר דרך־ארץ און איינגעהאלטענקייט, פיינקייט און עדעלקייט, וואלט מען באגעגענט אין אונזערע ביכער! אגב, ווען אונזערע מוטטער און טאכטער אינטערעססירען זיך מיט דער ליטעראטור, קאנען זיי די ליעבשאפט איינפלאנצען אין דער גאנצער פאמיליע, פאר־ברייטען אינ'ם פאלק, און דאמאלס וואלט געקומען פאר אונזערע שרייבער, פערלעגער און בוכהאנדלער בעססערע צייטען.

דו פראגסט אויב מיר געפאלט די אידעע, ביי יודען זאל ווערען א קאססע, שטיצען פון איהר די ארומע ליטעראטען אדער זייערע אלמנות מיט יתומים? — געוויס איז דאס זעהר א פיינע און א נוצליכע אידעע. נור מיין פעססימיסט קומט און בויערט מיר אין מוח און דרינגט אויס, אז דאס איז א חלום, א פוסטע פאנטאזיע וואס וועט קיינמאל ניט אויסגעפיהרט ווערען, אלץ די אייגענע מעשה. מיר האבען קיין פובליקום ניט. אונזער



פאלק אינטערעסירט זיך ניט מיט דער ליטעראטור און מיט די ליטעראטען. אט האסט דו דיר א קלארען בעווייז: פאריגעס יאהר האט איינער — זעהר א געשאצטער שרייבער — אויפגעגעבען דעם דאזיגען פראעקט אין „המליץ" און האט באלד געמאכט דעם אנפאנג, געגעבען זיין נדבה עטליכע רובעל. זוך, ברודער הארץ, וויפיעל געלד איז אין דעם גאנצען יאהר געפאלען אויף דעם? האט זיך ווער פון פאלק אפגערופען? האט איימעצער אריינגעשיקט עטליכע קערבליך? האבען אונזערע גבירים, פאטריאטען, אדירים, געשענקט א פאר פינף־און־צוואנציגער אין דער קאססע? גאט זאל היטען! אזא זאך קאנען נור טהון המורים: דייטשורעס און פליאקער, זיי קאנען שענקען געלדער ליטעראטען, מנדב זיין גרויסע סוממען ארויסגעבען נוצליכע ביכער, איבערלאזען אין צוואות מאססען געלד שטיצען די ליטעראטור. אונזערע גבירים וועלען אזאלכע נארישקייטען ניט טהון, דאס געלד קען מען אויסגעבען אויף עפיס בילכערע זאכען, און אפילו שענקען א נדבה אויף „קאמיטעטען" איז אויך פיעל ניצליכער צום קרעדיט און צום נאמען, איידער ארויסווארפען פאר דער ליטעראטור.

בעסער וואלט שוין געוועהן, ווען די ליטעראטען מאכען אליין צווישען זיך א שפאר־קאססע, און יעדער זאל זיין מחויב צאהלען א געוויסע סוממע געלד אין יאהר. הנם, אומשטיינס געזאגט, וואס א יודישער שרייבער קאן שוין אבשפארען פון זיינע פארדינסטען! דאך א קלייניגקייט וועט יעדער קאנען אדער מוזען אבבייסען, און מיט דער צייט קען זיך אויפקלויבען א היבשער קאפיטאל. נאך בעסער וואלט געוועהן ווען די ליטעראטען זאלען פון יעדען ווערק וואס זיי דריקען שאנקען א געוויסע צאהל עקזעמפלארען און דאס געלד פון די געשאנקטע עקזעמפלארען זאל אריין אין שפאר־קאססע. דער פון וואלט ווירקליך מיט דער צייט זיך צוזאמענגעקליבען א היבשער קאפיטאל, ווייל דאס זעהן מיר אז יעדעס יאהר דרוקט זיך הונדערטער העברעאישע און זשארגאנישע ווערק, מיט פרייזען פון 4 קאפ' ביז מעהר פון 1 רובעל פיר איין עקז'.

אבער צו אזא זאך בעדארף דאך זיין א הסכם פון אללע אונזערע שרייבער, זיי אללע, אדער ווענינסטענס א טהייל פון זיי זאלען צו דעם איינשטימען — און ווי אזוי בעווייזט מען אזא קונץ, יודישע ליטעראטען זאלען זיך אויסגלייכען מיט זייערע מיינונגען און מסכים זיין אויף איין זאך? זיי זענען ב"ה אויך יודען...

עס איז דאך מערקווירדיג! אונזער אינטעלליגענץ, וואס מוסר'ט דאס פאלק און רעדט נור שטענדיג פון מאראל, און שרייט נור פאר וואס ביי יודען איז ניטא קיין שלום און קיין אחדות, פאר וואס ס'איז ביי זיי נור קריעג און צאנקעריי, אט די שאנע שטראפערס זענען אליין ניט פיעל בעסער פון דעם פעבעל; צווישען זיי אליין איז אויך קיין שלום און קיין איינהייט בישט דא, איינער קלעבט זיך ניט צו'ם צווייטען, יעדער איז פאר זיך, געהט

זיך זיין בעזונדער וועג, אונ עס איז אונמעגליך ברענגען זיי אלעס אין איין ארט, אדער דורכפיהרען ביי זיי איין אידעע. — איך רעד שוין ניט פון „א חברה כלל יודישע שרייבערס אין אללע שטאדט". דאס זעהט ביי מיר אויס ווי נעהמען אויפשנירען אללע שטערען פון הימעל אויף איין שנירעל... אבוואהל ביי די אומות העולם איז דאס יא מעגליך געוועהן, ווי למשל אין פעטערסבורג די „רוסישע ליטעראַרישע געזעלשאפט", אין עסטרייך די ליטעראַרישע געזעל־שאפט „קאנקארדיא" אונ אין דייטשלאנד דער „פעראיין פון דייטשע שריפט־שטעללער". — אבער ווענינגסטענס די יודישע שרייבער פון איין שטאדט, פאר וואס זאל צווישען זיי ניט זיין קיין אחדות, קיין געזעלשאפטליך לעבען? הארום זאלען זיי ניט האבען איין ארט, וואו אללע זאלען זיך צונויפזאמלען צום ווייניגסטען חאטש אין א קאנדיטאריי אדער אין א פריוואט־הויז אונ דארט זאללען זיי איינע מיט די אנדערע פארברענגען, זיך אונטערהאלטען, רעדען וועגען ליטעראטור, וועגען א שפאר־קאסע, אונ פיהרען איבער־הויפט א געזעלשאפטליך פריינדליך לעבען? נור דאס וואס איז נוהג ביי די אומות העולם דארף ביי אונז ניט זיין, זייערע ליטעראטען מאגען לעבען בחברותא, ברידערליך, פריינדליך; מיר בעדארפען זיין צוריסען אונ צושיטט. היינט ווי קען ווערען ביי זיי א שפאר־קאססע אדער ווענינגסטענס א גמילות־חסדים־קאססע? ווי מאכט מען פון זאמד־קערענדליך א קאשע אז עס קלעבט זיך פארט ניט! —

נור גענוג פון ליטעראטור, יעצט לאמיר אביסעל רעדען וועגען אונזערע „האפפען" אונ אויך בעט איך מיר צו שרייבען די לעצטע פרייז פון „פראסע" אין אייער געגענד.....

דיין טייערער פריינד. ישראל צביה"ס.

---





# די תורה.

(ערצעהלונג).

## I

אויף דעם טאמאשיוואטער „בית־עולם" צווישען דעם וואלד פון מצבות אביסעל אין א זייט, שטעהן צוויי מצבות איינע נעבען דער אנדערער, אויף איינער שטעהט אנגעשריבען: „מיכאל יוסף בן יעקב שלמה נפטר כ"ז תמוז תרמ"ז לפ"ק תנצב"ה" אונ אויף דער אנדערער שטעהט: „פ"נ חנה ברײנה בת יוסף נפטרה ח"י אלול תרמ"ז לפ"ק תנצב"ה". אז מען זאל פרעגען אויף די צוויי מצבות וועט דיר קוים איינער פון פופציג פון די טאמאשיוואטער איינ־וואהנער זאגען, אז דאס זענען „מיכאל יוסף שניידער" אונ זיין ווייב „חאנצע־ברײנה", וואס זיי זענען ערשט צוריק מיט אפאר יאהר ביידע געשטארבען אין אקליין שטיקעל צייט. מיכאל־יוסף אונ חאנצע־ברײנה זענען געבארען, אויפגעוואקסען אונ האבען אבגעלעבט זייערע יאהרען אין שטאטיל טאמאשיוואטע.

נאר עס דארף אונז וואר קיין חדוש ניט זיין וואס מען האט אזוי גיך פארגעסען אין זיי, ווארען אז זיי האבען נאך געלעבט האבען זיי געלעבט „פאר זיך" אונ „אין א זייט" פון אללע טאמאשיוואטער איינוואהנער. עס האט אויסגעוויזען אז דאס גאנצע שטאדטיל האט אין זיי פארגעססען, אונ זיי האבען פארגעססען אין גאנצען שטאדטיל, זיי האבען זיך אבגעלעבט זייערע יאהרען אין ארעמקייט נאר שטילל אונ רוהיג; זיי האבען קיין מאל ניט גערעדט פון יענעם אונ זיי זענען געוועהן צופרידען אז מען האט זיי צורוה געלאזט, אונ מען האט אין זיי פארגעססען.

חאנצע־ברײנה איז געוועהן אפראסטע יודענע אהן חכמות. זי איז ניט געוועהן ווי דער סארט ווייבער איז אין איהר גראד וואס האבען ליעב אומצו־געהן מיט א זאק אין די האנד פון איין שכנה צו דער אנדערער אונ אברעדען

פון דער גאנצער וועלט, חאנצע־ברײנה איז ניט געוועהן קיין „קאכלאפעל", זי האט ליעב געהאט איהרע „פיער ווינקעלאך" און איז תמיד געוועהן באשעפטיגט מיט איין ארבייט. און אז עס פלעגט זיך מאכען אז זי איז אריין געקומען צו אשכנה עפיס לייהען און די שכנה האט זי געבעטען זיטצען ווי געוואהנליך איז, און האט זיך געוואלט אריין לאזען מיט איהר אין אברייטען שמועס: ווי מרים סאסע איז איין אויסברענגערין און יאכנע טריינה איז אשלימעזאלניצע און דעסט גלייכען פלעגט זיך תמיד חאנצע־ברײנה אפטרייסלען מיט איהר געוואהנליכען ענטווער.

— האט מיר קיין פאראיבעל ניט, מיין אלטיטשקער זיצט נעבאך אליין און איך האב מיך דא פארשמועסט מיט אייך — און איז זיך אהיים געגאנגען.

נור איין זאך איז געוועהן וואס חאנצע־ברײנה פלעגט זיך פארגינען און דאס איז געוועהן: צו געהן יום־טוב און שבת אין שוהל אריין, חאנצע־ברײנה האט ניט געקאנט אוואָרט עברי און דאך איז זי געגאנגען אללע שבת אין שוהל, עס האט אפילו געמאגט ווי מען זאגט „דונערען און בליטצען" דארטען אין אווינקעלע פלעגט זיך חאנצע־ברײנה אנידער זעטצען גלייך אקעגען דער פארזאגערען און האט איהר געקוקט גלייך אין מויל אריין, טאמער האט די פארזאגערען געמאכט עפיס אטרויערדיגע מינע האבען זיך שוין פון חאנצע־ברײנה'ס אויגען געקייקעלט טרעהרען; נור אז מען האט נור געענדיגט דאס דאווענען. איז חאנצע ניט געבליבען מעהר אין שוהל אפילו ניט איין רגע זי האט זיך געאיילט אהיים.

איהר מאנן מיכאל־יוסף האטשע ער איז געוועהן אשניידער דאך איז ער אבער געוועהן אשניידער אהן אגיפט, אהן אברענען ווי דאס רוב שניידערליך זעננען. ער האט זיך קיינמאל ניט געמישט אין „ציך" אריין, נישט געזאגט קיין דעות אין קהל'ס ענינים, און ניט געקריעגט זיך אין שוהל איבער איין עליה, עס איז געוועהן ביי איהם אלץ גלייכס צו „רביעי" צו „שלישי" און אז עס האט זיך געמאכט אצייט וואס מען האט אין איהם גאר פארגעסען, האט ער אויך גאר ניט געזאגט „מסתמא איז דא בילכערע פון מיר" פלעגט ער זיך טראכטען, און אז עס האט זיך געמאכט אז עפיס אהיטציג שניידעריל פלעגט איהם וועלען אונטערהיטצען.

— סטייטש, מיכאל־יוסף, איהר זאלט דאס שווייגען? איז ניט אחרפה און אשאנד אז אייך זאל מען אויף רופען „רביעי" און משה לאקש „שלישי"! וואס איז? דער פאלגוטץ דער, זאל פיהרען דאס גאנצע שוהלכען ביי דער נאז? חלעבען מיכאל־יוסף הייבט איהר נור אן וועט איהר זעהן ווי מיר אלע וועלען שטעהן פאר אייך שטאל און אייזען און מיר וועלען ווייזען דעם שגץ ווער עלטער איז!

נור מיכאל־יוסף פלעגט קוקען אויף דעם היטציגען שניידעריל אזוי פאר־וואונדערט און ענטפערען זיך קאלט בלוטיג:



— איך ווייס? אז „רביעי" זאל זיין חלילה עפיס אחרפה וואלט עס גאט גאר ניט אריין געשטעלט אין דער היילינער תורה אריין!

אזוי אז דאס היטציגע שניידעריל האט אויסגעוואלעט א פאר אויגען אויף מיכאל־יוסלען ווי אויף אמשוגענעם און געגעבען אשפיי און געזאגט מיט כעס:

— וואס איז דא מיט אייך צו רעדען? איהר זענט א יודענע מיט הויזען און ווייטער גאר ניט.

— אפשר זענט איהר גערעכט, האט דארויף געוואהנליך געענפערט מיכאל יוסיל און איז געוועהן צופרידען אז דאס שניידעריל זאל זיך אפטשעפען פון איהם.

און מיכאל־יוסיל האט ניט געענטפערט נור צו ליעב דעם וואס ער האט זיך ניט געוואלט קריגען, נור ער האט פראסט בתמימות ניט פארשטאנען פאר וואס איז זיך דא גאר צוקריגען? און פלעגט זיך ניט איינמאל ברעכען דעם קאפ מיט דער פראגע: פאר וואס זאל זיין „שלישי" אכבוד און „רביעי" אבושה? שטעהן זיי דען ביידע ניט אין דער תורה? היינט פאר וואס איז זיך דא צוקריגען און צו פאטשען?

מיט איין ווארט: מיכאל־יוסיל איז געוועהן אמענש „פאר זיך" ווי זיין חאנצע־ברײנה, ער האט קיינעם חלילה ניט געטשעפעט און איז געוועהן צופרידען אז מען האט איהם געלאזט צורוה, ער איז זיך תמיד געגאנגען אין זיין וועג, ווי זאגט מען אין אווינקעלע מען זאל איהם ניט אנזעהן, ניט ביי זיך צו הויז האט ער זיך געפיהלט אזוי עלענד אזוי יתום'דיג אז עס איז געוועהן ארחמנות צוקוקען אויף איהם; נור ביי זיך אין דערהיים האט ער זיך געפיהלט היימיש און פריי, אין דערהיים זיטצענדיג אויף דעם לאנגען באנקעל נעבען דעם גרויסען ווייסען טיש מיט א שטיקעל ארבייט אין דער האנד, דענסט־מאהל פלעגט זיך מיכאל־יוסף פיהלען ווי אין גן עדן, און פלעגט זיך טרעללען אונטער דער נאז א „כבקרת'ל" אדער א „מכלכל" פרעהליך און לעבעדיג.

פארשטעהט זיך אז ווי ווייט מעגליך מיכאל־יוסיל האט עס געקאנט אויספיהרען איז ער ניט ארויס געגאנגען פון זיין הויז, אגאנצע וואך האט ער געארבייט און שבת האט ער זיך אבגערוהט, מעביר געוועהן די סדרה, תהלים געזאגט אדער געשלאפען, ער פלעגט זיך קיינמאהל ניט צוזאמענקומען מיט חברה שניידערס אין א שענק צו טרינקען אמאהל א גלאזיל וויין; האטשע זיין באשטענדיג ווארטעל איז געוועהן.

„די מלאכה האט ליעב דעם טרינק".

עס פלעגט זיך מאכען אז עפיס אבעקאנטער פלעגט זיך צוטשעפען צו איהם,

— חלעבין, ר' מיכאל יוסף, לאמיר געהן טרינקען צו גלאזליך וויין, איהר קאנט זיך פארשימעלט ווערען זיטצענדיג אויף איין ארט.

פלעגט ער דארויף געוואהנליך ענפערן:

— חלעבען עס טרינקט זיך ניט, ברודערצי!

— סטאטש איהר אליין זאגט דאך תמיד אז די מלאכה האט ליעב דעם טרינק? פלעגט איהם פרעגען דער בעקאנטער.

— א—, פלעגט דארויף ענטפערען מיכאל יוסף מיט א שמייכעל — פאר מיין מלאכה טרינק איך גענוג. איך בין א קלייניגער בעל מלאכה איז מיר גענוג אללע טאג א ביסעל בראנפען, א גראסערער בעל־מלאכה טרינקט מעהר.

אין אמת'ן וואס פאר א בעל־מלאכה, אומשטיינס געזאגט, איז געוועהן אונזער מיכאל־יוסף? קיין רעכט שטיקעל ארבייט האט איהם קיינער ניט געגעבען און ער האט טאקי ניט געקאנט מאכען. ער פלעגט גייען נאך דעם שניט וואס זיין טאטע עליו השלום האט איהם געוויזען; וואס איז געוועהן אין דער מאדע נאך צוריק מיט פופציג יאהר, קיין "סענטעמעטער" האט ער אין דער האנד ניט גענומען, מיכאל יוסף פלעגט נאך נעמען איין מאאס מיט צונויפגענעהטע שטיקלך פאפיער און געמאכט רינגעליך מיט קארבען, נאר די דיינים, די חזנים און שוחטים אדער די גייסטליכע פון די דארפער פלעגען באשטענדיג זעהר ארבייט נור געבען צו מיכאל יוסלען. א קאפאטע מיט סטראקעס, א פאר תחתונים אדער א גייסטליכע ראסע. דאס פלעגט מיכאל־יוסף אויפנאהען ווי איין קינצלער און פלעגט זיך דער פון דערנאהרען און אז די ארבייט האט זיך אויסגעלאזט פלעגט מיכאל־יוסף געהמען זיין פאקיל אויף די פלייטצים, דארטען איז געלעגען זיין שער און אייזען, זיין טלית און תפילין מיט א ברויט און האט זיך אוועק געלאזט אויף די דארפער און גאטט האט איהם ניט פארלאזט. אויף שבת פלעגט ער געוועהנליך אהיים קומען מיט א בייטעלע מעהל, א ביסעלע פאסאלים מיט א עוף און אמאל מיט עטליכע גראשען אין קעשענע אויך, און מיכאל־יוסף מיט חאנצא בריינה'ן פלעגען דער פון זיין האכסט צופרידען און האבען געדאנקט און געלויבט גאטט דער פאר און פלעגען אפט זאגען: "אז די מלאכה איז גאטטס ברכה".

נאר ניט תמיד אבער איז געוועהן ביי זיי די מלאכה א ברכה; עס איז ביי זיי געוועהן צייטען וואס איז אוממעגליך געוועהן צו בעקומען א שטאק ארבייט "האטשע צעררייס זיך", און זיי האבען זיך בעגנוגענט מיט פוסטע ברויט, אדער אמאל איז אין ברויט אויך געוועהן א מאנגעל; נאר מיכאל־יוסף מיט חאנצי בריינה'ן האבען זיך דענסטמאל אויך ניט געקלאגט אויף דעם רבונו של עולם — "ניט אללע צייטען געהן אוועק אין איין צייט" פלעגען זיי זיך זאגען, און זענען געוועהן דערמיט האכסט צופרידען, וואס קיינער ווייסט זיי ניט, קיינער באקרעכצט זיי ניט מיט א רחמנות פנים.

אט אזוי האבען זיי זיך אב געלעבט זייערע יאהרען שטיל רוהיג אין דעם איינגעהויקערטען שטיבעלע, וואס עס איז געבליבען מיכאל־יוסלין ירושה נאך פון זיין טאטען צוזאממען מיט דעם גרויסען ווייסען טיש, מיט די צוויי לאנגע צונויפגעלעגטע באנק מיט דער גרויסער שטאנג איבער דעם בעט, וואס זיין טאטע פלעגט נאך אויף איהר אויפהענגען זיין ארבייט. אין דעם שטיבעל האבען זיי אבגעלעבט זייערע יאהרען און זענען געשטארבען מיכאל־



יוסילס עלטערן און אין דעם שטיבעלע איז געבארען געווארען, חתונה גע־האט און געשטארבען אונזער מיכאל־יוסיל; דא האבען זיי ביידע איבער געלעבט זעהר לייד און פרייד, זייער גליק און עללענד גאנץ אליין, שטיל ווייט פון מענשען־אויגען, עס איז עפיס ווי געוועהן אנגעשריבען ביי זיי אין די אויגען: "לאזט אונז צורה, טשעפעט אונז ניט". און באמת האט זיי טאקי קיינער ניט געטשעפעט. קיינער האט מיט זיי ניט געהאט צו טוהן און עס האט אויסגעוויזען אז מען האט גאר פארגעססען אין זיי. דאס הייסט: מען האט גוט געוואוסט אז ערגיץ אין א ווינקעל־גאסיל וואהנט זיך מיכאל־יוסף שניידער מיט זיין ווייב חאנצי־בריינה, ער איז א פראסטער נאר איין ארענטליכער מענש און זי איז אויך א פראסטע נאר איין ארענטליכע יודענע; נאר וואס איז דא פון אזויגע מענשען עפיס צו רעדען?

און דאך איז ביי מיכאל־יוסלען אין זיין לעבען אויך געוועהן אזויגע מאמענטען וואס זיין לעבען האט זיך ארויסגעריססען פונ'ם ענגען שמאלען שטיבעלע אויף דער ברייטער גאס, און האט אויפגעוועקט אויף א ווייל'ע די טאמאשאוואטער איינוואונער.

דאס איז פארגעקומען צוויי מאל:

דאס ערשטע מאל איז געוועהן, ווען מיכאל־יוסף מיט חאנצי־בריינה'ן האבען בעגלייט דאס לעצטע מאל זייער איינציג קינד צו זיין "עוויגער רוה" אויף דעם "הייליגען ארט", דאס קינד איז געשטארבען נאך א לאנגער קראנק און מיכאל־יוסיל און חאנצי־בריינה זענען נאך געגאנגען נאך דער מטה איינגעהויקערט, איינגעבויגען און דאס פנים שווארץ ווי די ערד. זייערע אויגען זענען געוועהן טריקען; זיי האבען צייט געהאט אויסצוויינען זיך אין דער היים. נאר אויף זייערע פנימער איז געוועהן אויסגעמאלט א שרעקליך פערצווייפלונג, — דענסטמאהל האט דאס שטאדטיל געקאכט אויף א ווייל'ע און מען האט געהערט פון אללע זייטען.

— א ווא! אזא בראך! געביך א רחמנות אויף די אלטע לייט!

נאר דאס האט אבער בסך־הכל געדויערט איין האלבע שעה. מען האט אין דער גיך פארגעססען אין מיכאל־יוסלין מיט חאנצי־בריינה'ן און מיט זייער אומגליק זענען זיי צוריק געקוממען פון דעם הייליגען ארט צו זיך אין שטיבעל אריין. דארטען האבען די אלטע לייט געטראגען זייער טיעפען שמערץ, טיעף אין די הערצער בעגראבען, דארטען האבען זיי באוויינט און בעקלאגט זעהר גרויס אומגליק, און האבען זיך אויך אליין איינס דאס אנדערע געטראסט, און אויסגערעדט זיך און האבען געזוכט צו פארגעססען זייער אומגליק.

דאס צווייטע איז געוועהן, ווען שפעטער מיט עטליכע יאהר נאך זייער קינדס טויט האט מיכאל־יוסיל מיט חאנצי־בריינה'ן געגעבען "א ריינקייט" און מען האט זיי געפיהרט מיט פאראד מיט דעם ספר אונטער דער חופה, איבער דער גאס מיט אנגעצינדעטע וואקסענע ליכט, אט דענסטמאל האט אויך אויף א ווייל'ע גערוישט מיט זיי דאס שטאדטיל און יעדער האט געזאגט:

— חלעבין אזכיה פון גאטט! גאר פראסטע ארעמע מענשען און דער איבערשטער האט זיי געהאלפען צו געבען אספר!

נאר ווי אזוי גאטט האט זיי געהאלפען? און וויפיעל אפפער עס האבען געבראכט די צוויי אלטע לייט ביז זיי האבען דערלעבט צו זעהן די תורה וואס זי איז אמת געוועהן געשריבען מיט זייער בלוט און שוויים!

II.

עס איז געוועהן איין אסיען נאכט, דער גאנצער הימעל איז בעדעקט מיט וואלקענס, מען זעהט ניט קיין לבנה קיין שטערען, די אללע הייזער פונ'ם שטאדטיל טאמאשאוואטע זעננען פארמאכט, די לאדען צו געשלאססען, מען זעהט ניט אויף דער גאס קיין שיין; נור דורך די שפאלטען פון די צובראבענע לאדליך פון מיכאל-יאסילס שניידער'ס שטיבעל זעהט מען א שוואכע שיין פון אלאמפעל.

עס איז שוין 11 אזייגער ביינאכט און מיכאל-יאסיל זיצט נאך ביי דער ארבייט; ער דארף ענדיגען א ראסע פיר א גייסטליכען ביז מארגען 10 אזייגער אין דער פריה, ער ציילעט אריין אנייעם פאדעם אין דער נאדעל, ווישט אויס די בריל, טוהט א שמעק טאבאק און ארבייט ווייטער פלייסיג. אין שטוב איז שטיל מען הערט נור פון דרויסען די רעגען-טראפפען וואס קלאפען אין די קליינע פענסטערליך.

— חלעבען, מיכאל-יאסיל, לייג אוועק די ארבייט וועלען מיר געהן עססען וועטשערע די יוך ווערט קאלט, דאס פייער איז שוין אין גאנצען אבגעלאשען האט געזאגט חאנצע-ברײנה, וואס איז ביז אהער געזעססען אויף דעם בעט מיט א זיפ מיט פעדערען און האט געפליקט.

— גרייט דערוויייל צום טיש, איך דארף נאך פארסטריגעווען די ארבעל, האט געענטווערט מיכאל-יאסיל.

חאנצע-ברײנה האט אוועק געשטעלט די זיפ מיט פעדערען אין אזייט בעט. זי האט גענומען א קויטיג טישטוך, פערשפרייט אויף איין עק פונ'ם גרויסען טיש, וואס מיכאל-יאסיל ארבייט אויף איהם, און האט אנידער געלייגט א האלב שווארץ ברויט, צוויי הילצערנע לאפעל, א מעסער, א זאלצמאסטיל מיט עטליכע צאהנדליך קנאבעל.

אין עטליכע מינוט ארום האט מיכאל-יאסיל אוועק געלייגט די ארבייט און האט זיך געוואשען, חאנצע-ברײנה האט געמאכט ריין איין ערדינע שיסעל, אנגעגאסען אין איהר עפיס איין שווארצע זופפ, וואס זי האט עס אנגערופען יוך, און האט אנידער געשטעלט אויף דעם טיש און האט זיך געזעצט נעבען מיכאל-יאסלען.



דאס שוויייגען האט ווייטער קיינער ניט געשטערט, מיכאל-יאסיל האט געגעססען מיט אפעטיט, צו יעדער לאפיל יוך האט ער פארביסען מיט א שטיק שווארץ ברויט. ער האט געגעססען מיטטאג צוועלף אזייגער און האט געארבייט עלף שעה דורכאנאנד.

מיכאל-יאסיל האט א ביסעל געשטילט דעם הונגער, אויפגעהויבען דעם קאפ פון דער שיסעל, אוועק געלייגט דעם לאפיל און אזיפץ איז פלוצים ארויס פון זיין ברוסט.

— וואס זיפצסטו? — האט געפרעגט חאנצע-ברײנה אויך מיט אזיפץ.

— איך האב מיך דערמאנט, ווען אונזער אהרן לייב זאל געוועהן לעבען וואלט מיר זיך אפשר ניט געדארפט אזוי מוטשען אצונד אויף דער עלטער.

דאס דערמאנען זיך אין זייער איינציגען זוהן אהרן לייב, וואס איז ניט לאנג געשטארבען, איז געוועהן גענוג עס זאל דערוועקען ביי חאנצע-ברײנה'ן איהרע טרעהרען קוועללע, און פון חאנצים אויגען האבען זיך געקאטשעט צוויי טרעהרען און האבען זיך געשלאנגעלט אויף איהרע צוויי מאגערע געקארטשעטע באקען און האבען זיך צוגאסען איבער די באקען.

— נא! נא! האט געווארטשעט אונטער דער נאז מיכאל-יאסיל — איך האב נאר געטהון אזיפץ און דו ביזט שוין פארטיג מיט טרעהרען.

חאנצע ברײנה האט מיט איהרע דארע האנד אויסגעווישט די אויגען, און די באקען.

— גאט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט! — האט זי געזאגט — איך וואלט מיך געוועהן אונטערגענומען מיר זאללען זיך נאך מעהר מוטשען אבי אונזער קינד זאל געוועהן לעבען און זאגען נאך אונז קדיש איבער הונדערט יאהר, אזוי ווער וועט אונז דערמאנען אפילו נאך אונזער טוידט.

— וואס ווילסטו קלעהרען דעם ארומאן איז אוודאי שלעכט אי אויף דער וועלט אי אויף יענער וועלט, אט האט אברהם בער פראצענטניק אויך ניט קיין קינדער האט ער האטש געגעבען אריינינגקייט וועט בלייבען א געדאכעניס נאך איהם; אבער וואס קאנען טוהן אזוינע ארומע לייט ווי מיר.

— הערסטו, מיכאל יאסיל — האט געזאגט חאנצע ברײנה — די וועלט זאגט: „אז מען נעהמט זיך אונטער העלפט גאט" לאמיר זיך אויך אונטער נעהמען שרייבען אריינינגקייט און גאט וועט אונז העלפען.

מיכאל יאסיל האט געגעבען א ביטערען שמייכעל.

— דו ווייסט וואס דו רעדסט חאנצע קרוין? אריינינגקייט דארף קאסטען אריבער צוויי הונדערט קערבליך און ווי אזוי קאנען מיר אזא סומע געלד אבשפארען אז מיין פערדיענסט קלעקט קוים אויף אונזער בעדארפעניש?

— אט וועסטו זעהן אז גאטט וועט העלפען, מיר וועלען אבשפארען פון דעם פון יענעם, איך וועל אויך צו ארבייטען, איך וועל פליקען

פעדערין, ארבייטען פרעמדע זאקען און אין דריי אדער פיר יאהר קאנן אונז גאטט העלפען, נו בלייבט עס אזוי?

— נו — האט געענטווערט מיכאל יוסיל — מיר וועלען פרובירען.

— טאקע פון מארגען אהן?

— פון מארגען אהן.

## III

חאנצע ברַיינה האט ניט אבגעלייגט אין דער לאנגער באנק אריין, טאקע דעם אנדערען טאג אין דער פריה האט זי אבגעזוכט עפּיס אקליין הילצערען קאסטעלע מיט א שלאסעל און האט געבעטען מיכאל יוסלין ער זאל מאכען אויף דעם דעקיל א לאך מיט א דאלאטע און זי האט טאקע תיכף בעניית דאס קאסטעלע מיט גרויסע יעקאטערינאווסקע דריי קאפּיקעס, וואס זי האט זיי אריין געווארפען דורכין לאך, און איהרע ליפּען האבען דערביי געשעפּטשעט א גיבעט צו גאט, אז דאס קאסטעלע זאל גיך פולל ווערען אז זיי זאללען זיך קאנגען נעהמען אין דער גיך שרייבען דאס ריינינגקייט.

מיכאל יוסיל האט דאס אלץ צוגעזעהן און האט געשמייכעלט; נור ער האט זיך גיך איבערצייגט אז חאנצע טרייבט ניט קיין קאטאוועס. ער האט אבגעדאווינט און איז צוגעגאנגען צו חאנצע ברַיינה'ן ער זאל נעהמען ביי איהר דריי קאפּיקעס אויף א טרינק בראנפען, אלע אין דער פריה אביסעל בראנפען און טאבאק דאס איז געוועהן דאס איינציגע, וואס מיכאל יוסיל פלעגט זיך פערגינגען אהן וועלכעס ער האט זיך ניט געקאנט באגעהן. — חאנצע ברַיינה האט ניט געזאגט ניין; נור ביים ארויס נעהמען די דריי קאפּיקעס האט זי ביי זיך אין קעשינע עפּיס מעהר געשאקעלט זיי געוועהנליך, און אז זי האט זיי שוין ארויס גענומען האט זי זיי געהאלטען צווישען די פינגער און האט עפּיס געקוקט משונה מיכאל יוסלין [illegible] אין די אויגען אריין.

— וואס קוקסטו מיך היינט אזוי אהן מעהר ווי תמיד? האט געפרעגט מיכאל יוסיל וואס האט אנגעהויבען צו פארלירען געדולד.

— גאר ניט — האט געענטווערט חאנצע ברַיינה.

— אז גאר ניט האלט-זשע מיך ניט, גיב אהער די דריי קאפּיקעס וועל איך געהן נעהמען אביסעל בראנפען און מיך זעטצען ארבייטען, מען וועט היינט שיקען נאך דער ראסע און איך האב נאך ביי איהר א פּאאר שעה ארבייט.

חאנצע ברַיינה האט איהם געגעבען די דריי קאפּיקעס; נור אז זי



האט זיך געלאזט אוועק געהן האט זי געזאגט שטילערהייט.

— מיכאל יוסיל!

— וואס ווילסטו? האט זי געפרעגט מיכאל יוסלען אביסעל מיט א בייזער.

— איך וויל זאלסט דיך היינט באגעהן מיט א שטיקעל ציבעלע מיט ברויט אויף דעם ארט פון אביסעל בראנפען און דו זאלסט אויך בעניען דאס קאסטעלע אין א גוטער און א מזלדיגער שעה.

— לאז זיין אזוי, האט געענטפערט מיכאל יוסיל און האט איהר צוריק געגעבען די דריי קאפּיקעס; נור זי האט זיי ניט צוריק גענומען, זי האט איהם אליין צוגעפיהרט צום קאסטעלע ער זאל זיי אליין אריינווארפען און זיי האבען געזאגט: „אין א גוטער און א מזלדיגער שעה!"

— דעם אנדערען טאג אין דער פריה איז ווייטער צוגעגאנגען מיכאל יוסיל צו חאנצע ברַיינה'ן און האט זיך געהייסען געבען דריי קאפּיקעס אויף א טרינק בראנפען, חאנצע ברַיינה האט איהם דאס מאל געגעבען אין דער גיך די קאפּיקעס; נאר זי האט געגעבען עפּיס אזא קוק אין די אויגען אריין, אז מיכאל יוסיל איז געבליבען שטיין אזוי ווי א יונגעלע וואס די מאמע האט איהם געהאפּט מיט עפּיס א נאשעריי.

מיכאל יוסיל האט איהר געקוקט אין די אויגען אריין, ער האט געווארט זי זאל איהם עפּיס זאגען; נור חאנצע ברַיינה האט געשוויגען און האט ניט גערעדט קיין ווארט.

מיכאל יוסיל האט אבער זעהר גוט פערשטאנען איהר שווייגען. ער איז געשווינד צוגעגאנגען צום קאסטעלע און האט אריינגעווארפען די דריי קאפּיקעס.

— הערסטו חאנצע קרוין! — האט ער געזאגט: פון היינט אן וועל איך מיך באגעהן אין דערוואכען אהן אביסעל בראנפען, חלעבען, וואס איז? אהן בראנפען קען דען א מענש ניט לעבען? א מענש געוואהנט זיך איין, און א מענש געוואהנט זיך אב, א מענש קען נור ניט לעבען אהן עססען, אבער אהן בראנפען קען זיך א מענש גרינג באגעהן, זעהסטו קידוש אויף שבת דאס איז עפּיס אנדערש, און דערווייל וועט זיך דורכ'ן יאהר אנזאמלען טאקע א שיינע פּותיקי, א נו לאמיר זעהן? זעקס טרינק בראנפען א וואך מאכט אכצעהן קאפּיקעס, דאס הייסט אזוי גרויס ווי צוויי און זיבעציג קאפּיקעס א חודש, הערסטו חאנצע! עס איז מעהר ווי אכט קערבליך א יאהר! דאס דאכט זיך וועט זיין נישקשה פון „אפּאדוואלינע" צו אונזער תורה'לע, הא? וואס זאגסטו, חאנצע קרוין?

— איך זאג, אז גאט זאל אונז געבען כח און געזונד, מיר זאלען קענען האריוען און ארבייטען, מיר זאלען דערגרייכען אונזער וואונש. — האט געזאגט חאנצע ברַיינה מלא שמחה.

— אמן! — האט געענטפערט מיכאל יוסיל.

און פון דעם טאג אהן פלעגט מיכאל יוסיל אללע אין דער פריה צו געהן צו חאנצע בריינה'ן נעהמען ביי איהר דריי קאפיקעס „אויף א טרינק בראנפען": נור אנשטאט צו געהן אין שענק אריין פלעגט ער געהן צום קאסטעלע און האט זיי אריינגעווארפען אהין, און חאנצע ברינה פלעגט שטעהן פון דערווייטענס און צו קוקען שטיל; נור וואס פאר געפיהלען האבען זיך דענסטמאלט באוועגט אין איהר הארץ צו איהר אלטען, קרענקליכען, אויסגעהארעוועטען מיכאל יוסיל, וואס האט זיך אזוי גרינג אבגעזאגט פון דעם איינציגען פארגעניגען, וואס ער האט זיך דער מיט איינגעוואהנט אללע זיינע יאהרען? מיט זיין פראסטער פהילאזאפיע „א מענש געוואהנט זיך און א מענש געוואהנט זיך אב", אויב עס איז יא דא אמת'ע ליעבע אויף דער וועלט האט זי זיבער געפונען איהר פלאטץ אין הארץ פון דער אלטער, געקארטשעטער חאנצע בריינה'ן.

מיכאל יוסיל האט זיך אפילו געוואלט פרובען צו באגעהן אהן טאבאק אויך, נור דאס איז אבער געוועהן אונמעגליך.

— ניין, חאנצע קרוין! — האט מיכאל יוסיל געזאגט: „עס גייט ניט האטש צערייס זיך" איך וועל מיך בעסער באגעהן אהן עססען איידער אהן א שמעק טאבאק."

— מיכאל יוסיל לעבען — פלעגט איהם זאגען חאנצע ברינה — אז דו קאנסט ניט דארף מען ניט, און גאט וועט אונז העלפען פון ערגיץ אנדערש צו פערדינען די עטליכע קאפיקעס.

אין אמת'ן איז געוועהן דער שמעק טאבאק ביי מיכאל יוסלין א סאך טהייערער פונ'ם עססען, אהן א שמעק טאבאק האט ער זיך שוין בשום אופן ניט געקאנט באגעהן און האט ניט געקאנט געבען קיין שטאך ארבייט. שפעט ביינאכט ווען מיכאל יוסיל פלעגט זיצען ביי דער ארבייט, די אויגען האבען איהם געשליפעט, די בריללען זענען געוועזן פערהוכקעט און דער קאפ איז איהם געוועהן שווער און פערטומעלט האט דענסטמאל דער שמעק טאבאק געוויזען וואונדער! — מיכאל יוסיל האט אויסגעטוהן די ברילל אויסגעווישט די אייגעלעך מיט זיין גרויסער פאטשיילע, און געטהון א געשמאקען שמעק טאבאק מיט ביידע נאזלאכער, איז איהם דער קאפ געווארען גאר גרינגער און פרייער, די אויגען העללער און האט אין דער גיך אויפגעזוכט דאס לאכיל פון דער נאדעל מיט דעם עק פאדעם. גאנץ אנדערש איז אבער געוועהן אז עס האט זיך גראדע געמאכט, אז עס איז מיכאל יוסלין אויס־געגאנגען די טאבאק אין אויפדערנאכט, דענסטמאהל איז מיכאל יוסיל גאר געוועהן איין אנדער מיכאל יוסיל. אומזיסט פלעגט ער ווישען די בריל צעהן מאהל אין איין מינוט, דער עק פאדעם האט בשום אופן ניט געוואלט אריין קריכען אין דער נאדעל אריין, עס האט ניט געהאלפען אפילו דאס וואס מיכאל יוסיל איז געווארען בעז און האט געווארטשעט און פארשאלטען דאס געביין דער נאדעל מיט'ן פאדעם, דער פאדעם וויל ניט קריכען „האטש צערייס



זיך", אומזיסט האט ער אליין געדרעהט דעם לאך פון דער נאדעל אקעגען דער שיין פונ'ם לאמפיל, אומזיסט האט ער געביסען דעם עק פונ'ם פאדעם ער זאל ווערען דיננער, דער פאדעם האט ווי אויף צו להכעיס ניט געוואלט אריינקריכען, און אז דער פאדעם איז שוין יא אריינגעקראכען האט ער זיך צושפאלטען אויף צווייען און איין העלפט איז געבליבען אין דרויסען, אזוי אז די גאנצע מיהע איז געוועהן אומזיסט און ער האט זיך געדארפט איבער־נייעס אנהייבען מוטשען.

נו ווי האט מען געקענט פערלאנגען פון מיכאל יוסלען ער זאל זיך באגעהן אהן א שמעק טאבאק.

## IV

מיכאל יוסיל מיט חאנצע בריינה'ן האבען זיך אללע מאהל מעהר אריין געלאזט אין דעם געדאנק אריין, דאס גרעסטע פארגעניגען די גרעסטע פרייד איז געוועהן ביי זיי אז זיי האבען געזעהן, אז דאס קאסטעלע ווערט אללע מאהל פוללער און שווערער, יעדער גראשען, יעדער קאפיקע, וואס זיי האבען אריין געווארפען אין קאסטעלע איז געוועהן ביי זיי א יום־טוב און אזוינע ימים טובים האבען זיי געהאט אללע מאהל.

חאנצע ברינה האט אויפגעטוהן וואונדער און „עקאנאמיע", זי האט אללע מאהל אויפגעטוהן נייע הסברות, נייע אויספיהרונגען זי זאל קענען אבקארגען פון יעדען מיטטאג, פון יעדער וועטשערע דא א קאפיקע דארט א גראשען אבי עס זאל ווערען מעהר עטליכע גראשען אין קאסטעלע.

מיכאל יוסיל האט שוין ניט געקוקט אויף דעם, ווי אויף א פאנטאזיע וואס עס קאנן קיין מאהל ניט פערווירקליכט ווערען; ער האט אנגעהויבען צוגלויבען, אז גאט וועט זיי העלפען און זיי וועלען ענדיגען זייער אונטער־נעהמען און זיי וועלען נאך דערלעבען צוזעהן מיט זייערע אויגען זייער תורה! און מיט דער האפנונג האט ער גאר פלייסיגער געארבייט, ער פלעגט זיך ניט פערגינען קיין איבעריגע מינוט אויסצורוהען, טאמער איז ער פער־שלאפען מעהר עטליכע מינוט האט זיך איהם אויסגעוויזען אז ער האט זיי אוועק גענומען ביי דער תורה.

מיט איין ווארט, די תורה דאס איז געווארען ביי זיי זעהר לעבענ'ס צוועק. דער געדאנק האט אנגעפיהלט זייער גאנץ לעבען און זיי האבען גאר ניט פערשטאנען ווי אזוי קאנען מענשען לעבען און הארעווען אהן א שום צוועק, זייער רעדען און טראכטען איז נאר געוועהן ווען זיי וועלען שוין דערלעבען צו זעהן זייער תורה.

און אזוי האבען אונזער אלט פאר פאלק געקארגט אפגעריסען יעדען

ביססען פונ'ם מויל, ניט דערעססען ניט דערטרינקען ניט דערשלאפען, אבי צו פאר גרעססערן די סומע עס זאל צוקומען צום קאסטעלע נאך עטליכע גראשען.

— חלעבין לאמיר זיך היינט באגעהן אהן וועטשערע — פלעגט אפט זאגען חאנצע ברײנה, מיר האבען היינט געגעססען זעהר א גוטען מיטטאג, און אז דו וועסט שוין גאר וועלען, וועלען מיר עססען א קנאבעל מיט ברויט.

— ביזט גערעכט האנצע קרוין! פון א קנאבעל מיט ברויט ווענען די באקען רויט — פלעגט ענפערין מיכאל יוסיל.

ביי אונזער מיכאל יוסיל מיט חאנצע ברײנה'ן זענען אפילו די באקען ניט געוועהן רויט פון קנאבעל מיט ברויט, זיי זענען גיכער געוועהן לעדער קאליר, געקארטשעט און גערענצעלט, דאך האבען זיי זיך געפיהלט האכסט גליקליך און זיי האבען מיט דעם גרעסטען אפעטיט געגעססען קנאבעל מיט ברויט נאך 8—10 שטונדען ארבייט, און די עטליכע גראשען וואס זענען געוועהן אנגענרייט אויף דער וועטשערע פלעגען זיי צווישען זיך צוטהיילען און פלעגען ביידע צוגעהן צום קאסטעלע, פריער האט מיכאל יוסיל אריין געווארפען זיין חלק גראשענ'ס און דער ביי געזאגט מיט א שמייכעלע:

— נו קאסטעלע! עס וועטשערע!

און דער נאך פלעגט צוגעהן ברײנה מיט איהר חלק גראשענ'ס און אויך זאגען.

— נו קאסטעלע! עס דיך אן!

און מיכאל יוסיל'ס מיט האנצע ברײנה'ס אויגען האבען זיך באגעגנט, מיכאל יוסיל'ס ברילען זענען געלעגען אויף דעם שטערן און האנצי'ס ברילען אויף דער שפיץ נאז; נור זייערע אויגען האבען געשטראהלט פון גרויס פרייד.

אט אזוי פלעגט דאס קאסטעלע אויפעסען ביי זיי די מיטטאגס מיט די וועטשערעס און די אלטע לייט פלעגען האבען א סאך צוזינגע ימים טובים.

נור דער גרעסטער יום־טוב איז געוועהן ביי זיי ווען דאס קאסטעלע האט איין טאג באנייעט מיכאל יוסיל'ס נייע קאפאטע און האנצי'ס יופקע.

די מעשה האט אזוי פאסירט:

מיכאל יוסיל'ס שבת'דיגע קאפאטע, און האנצי'ס שבת'דיגע יופקע זענען זיך אזוי „צופאהרען" אז עס איז מעהר ניט מעגליך געוועהן אויסצוטהון אין שוהל אריין.

— הערסטו האנצי קרוין, האט געזאגט מיכאל יוסיל ערב ... עססען די אזוי מען באגעהט זיך וועהט יענער ניט, אבער א מלבוש ווי מען האבען, פארשטעהסטו? איך מיין טאקע, איך א קאפאטע און דו א יופקע, אונזערע בגדי שבת האבען זיך שוין געבאך אויסגעדיענט ייערס, און ס'קומט זיי שוין „אטשיסטא אסטאווקא".



— ביזט גערעכט, מיכאל יוסיל לעבען; נור ווי וועללען מיר נעהמען? פון דעם וואס מיר שפארען אב געוועהנליך פון דער תורה וועגען, קען מען ניט נעהמען.

— חלילה. עס קומט מיר ניט אויף אפילו אויף די געדאנקען — האט געענטפערט מיכאל יוסיל ווי איין אפגעבריטער — איך רעכען נור אז דריי אדער פיער חדשים וועל איך א ביסעל „מעהר" צו הארעווען, איך וועל ארבייטען מעהר „אשעה" אין דער נאכט פאטשינקעס. און דאס פארדיענסט וועל איך צוועק לייגען אין א זייט.

— ביזט גערעכט, מיכאל יוסיל — האט געענטווערט האנצי ברײנה, איך וועל אויך טאקי אזוי טהון איך וועל זעהן מאכען מעהר עטליכע פאר זאקען און אויס פליקען מעהר פעדערן.

און אונזער פאר פאלק האט זיך גענעהמען זאמלען אויף „בגדי שבת"; נור דאס קאסטעלע האט מען חלילה ניט געקריוודעט. אפילו אויף א האאר. זיי זענען נור געזעססען דורך די נאכט. זיך ניט פארגינען א איבריגע מינוט אויסצורוהען און פון דעם פארדיענסט פון דער צייט האבען זיי צונויף געקלויבען אויף „שבת'דיגע מלבושים".

נור גאטט'ס ניסים! האנצי ברײנה'ס „צעטראגענע" יופקע און מיכאל יוסילס „צעריסענע קאפאטע" זענען פלוצום גאר געווארען „שפיגעל ניי".

— הערסטו, מיכאל לעבען — האט געזאגט האנצי ברײנה. דעם טאג וואס איז שוין געוועהן בעשטומט זי זאל געהן אין קלייט אריין. און זאל נעהמען זיך אויף א יופקע און מיכאל יוסלען אויף א קאפאטע — איך האב היינט בעטראכט מיין יופקע איז זי נאך גאנץ גוט, זי דארף נור עטליכע לאטקיליך, וועל איך מיך באגעהן און וועל נור דיר נעהמען אויף א קאפאטע.

— ניין, האנצי קרוין! האט געענטווערט מיכאל יוסיל — איך קאן מיך גיכער באגעהן איך וועל מיר אויספארעכטען מיין קאפאטע וועט זי זיין „שפיגעל ניי".

— נו, אז דו ווילסט, וועלען מיר זיך ביידע באגעהן א שטיקעל צייט.

האט געענטווערט האנצי ברײנה און האט גענומען דאס געלד וואס זי האט אנגענרייט אויף דער יופקע און האט עס אריין געווארפען אין קאסטיל אריין.

מיכאל יוסיל האט אויך ניט קיין סך געטראכט און באלד אין קאסטעלע אריין דאס געלד פון דער קאפאטע.

אט אזוי האבען געהארעוועט. די צוויי אלטע לייט זיי האבען זיך ניט פערגינען א איבריגע מינוט אויסצורוהען זיך אדער צו שלאפען. יעדער האט אלץ געוואלט איבערטרעפען דעם צווייטען. ברענגען מעהר מיה, מעהר אפפער, אריינברענגען מעהר עטליכע גראשען אין קאסטעלע אריין.

# V

נור דער פאר אבער ווי גליקליך זענען זיי געוועזען, אז זיי האבען דערלעבט דעם הייליגען שבת, דעם טאג פון רוה! דענסטמאל האבען זיי זיך אויסגעגלייכט אונ אויסגערוהט זייערע אלטע צובראכענע ביינער, אוועק געלייגט אין א זייט אללע זארג אונ אנגעגעסען זיך זאט, פונ'ם שבת האט ניט געטארט פעהלען אפילו א פינטעלע. עס האט געמוזט זיין בראנפען אויף קידוש, פאר עטליכע גראשען פישליך אונ א צימעס, פון דעם שבת האט דאס קאסטעלע ניט באקומען אפילו איין גראשען. נור דעם איינעם טאג אין דער וואך האבען זיי זיך זאט אנגעגעסען אונ אויס געשלאפען אונ אנגעזאמעלט נייעם כח אויף דער אנדערער וואך.

נאך פרייטיג ביי טאג האט דאס ארומע שטיבעלע עפיס באקומען גאר א יום-טוב'דיג פנים, חאנצי ברײנה האט שוין אלסדינג אבגעקאכט אונ אבגעבאקען אויף שבת, מיכאל יוסיל האט אוועק געלעגט די ארבייט אונ איז געגאנגען אין באד אריין „לכבוד שבת". אונ חאנצי ברײנה האט זיך גענומען אויפרוימען. פונ'ם גרויסען ווייסען טיש זענען פערשוואונדען געווארען די שער אונ דאס אייזען, די שטיקליך מאטעריא מיט די אבשניצליך וואטען, די פעדערין וואס האבען א גאנצע וואך אנגעפיללט אונ אומגעשפאצירט איבער דער שטיבעל זענען אויך פערשוואונדען געווארען, נור פונ'ם אונטערן אויבען קוקט ארויס די זיפ, וואס אין איהר פליקט חאנצי ברײנה א גאנצע וואך פעדערין, זי אבער פארדעקט אונ פארשטעלט אז די פעדערין זאללען ניט קאנען אומפליהען איבער דער שטוב, ווי דער שטייגער איז א גאנצע וואך, אויף דעם ווייסען טיש האט זיך בעוויזען א ווייס טישטוך וואס דעקט צו דעם גאנצען טיש, אין איין עק ליגען צוויי חלות וואס קוקען ארויס פון אונטער א פאטשיילע, אונ ביי דעם אנדערין עק טיש שטעהן צוויי מעשינע לייכטער, וואס חאנצי ברײנה'ס שוויגער פלעגט נאך בענשען אין זיי ליכט, ארומגערינגעלט ליימענע לייכטערליך, אונ די העסקעליך געבען שפיגעלע איז אויך אריין געשטעלט לעכט, מיט איין ווארט דאס שטיבעל האט עפיס באקומען גאר איין אנדער פרעהליכער פנים.

אונ ניט נור דאס שטיבעל אליין האט פרעהליכער אויסגעזעהן, נור אפילו מיכאל יוסיל אין דער שבתדיגער „שפיגעל נייער" קאפאטע אונ חאנצי ברײנה אין איהר „נאך גאנץ גוטער יופקע" זעהן עפיס אויך גאר אנדערש אויס, גלייך ווי עס איז עפיס איין פרייע הויט ארויף אויף זיי, זיי ווייסען אז זיי האבען פאר זיך א גאנצען פרייען הייליגען שבת אבצורוהען זיך אונ אויס צו גלייכען זייערע אלטע אויסגעהארעוועטע ביינער.

עס פלעגט זיך אפילו מאכען אפט, זעהר אפט, נאך ליכט בענטשען,



ווען מיכאל יוסיל איז אוועק געגאנגען אין שוהל אריין אונ חאנצי ברײנה איז געבליבען זיצען אליין, פלעגט זי דענסטמאל פערזינקען אין שווערע געדאנקען, אונ פון איהרע אויגען פלעגען קאפען די טרעהרען, אויף איהרע אויסגעדארטע אונ איין געקארטשעטע באקען, דער מאנענדיג זיך אין איהר איינציג קינד, וואס דער טויט האט עס אזוי פריה אויסגעהאפט, די לאנגע צייט האט נור פארגלעט, אבער ניט אין גאנצען אויסגעהיילט איהר צובראכען הארץ; נור חאנצי פלעגט זיך אבער דערמאהנען אין איהר אלטען מיכאל יוסיל וואס הארעוועט די גאנצע וואך ביטער, אונ נור שבת רוהט ער זיך אויס, אונ זי האט גיך אויסגעטריקענט די טרעהרין זי זאל איהם חלילה דעם הייליגען שבת ניט פארשטערין, אונ אז מיכאל יוסיל פלעגט אהיים קומען פון דער שוהל אונ זאגען מיט א שמייכעלע „א גוט שבת, חאנצי קרוין!" פלעגט האנצי ברײנה אויך ענטווערין מיט א שמייכעלע: „א גוט שבת. א גוטען תמיד". אונ אויף איהרע אויגען איז שוין ניט געוועהן קיין צייכען פון טרעהרין צו דערקאנען.

מיכאל יוסיל האט זיך געזינגען אונטער דער נאז מיט א נגון „שלום עליכם" אונ „אשת חיל" אונ אויף זיינע ליפפען האבען ארומגעבלאנזעט א שמייכעל, ער האט געשמייכעלט צו די שבתדיגע ליכט וואס האבען אזוי פרעהליך געברענט, צו די חלות וואס האבען ארויס געקוקט פון אונטער דער פאטשיילע, צו די קליינע „קארעסליך" וואס האבען עפיס אזוי פרעהליך ארויס געקוקט פונ'ם טעללער; נור דער עיקר איז זיין שמייכלען געפעהלען זיין האנצי ברײנה'ן, זיין אמת'ער „אשת חיל" וואס זי האט געביך אזוי געהארעוועט אונ אללעס אנגעגרייט.

— הערסטו חאנצי קרוין — פלעגט זאגען מיכאל יוסיל — איך רעכין אז דער הייליגער שבת איז נור געגעבען געווארען פון אונזערט וועגען, ווארען נור אזוינע ווי מיר וואס מיר הארעווען די גאנצע וואך קאנען פיהלען דעם טעם פונ'ם הייליגען שבת; אבער א שטייגער די נגידים וואס טהון א גאנצע וואך אויך גאר ניט וואס איז זיי דער הלוק צו שבת צו אין דער וואכען?

— עה זינדיג ניט, מיכאל יוסיל לעבען, פלעגט דארויף ענטפערין חאנצי ברײנה — די נגידים האבען געוויס אויך יעדער זיין פעקיל מיט צרות אונ זיי זענען געוויס אויך צופרידען ווען עס קומט דער הייליגער שבת, זיי זאלען קאנען אראבווארפען זייערע דאגות פונ'ם קאפ.

— ביזט אפשר אויך גערעכט, חאנצי קרוין — פלעגט דארויף ענטווערין מיכאל יוסיל — נישט אומזיסט זאגט מען: „אז יעדער לעבט זיך ביים צווייטען אין פריידען". עס קאן אוודאי זיין אז זייערע צרות זענען אפשר נאך גרעסער פון אונזערע.

אונ מיכאל יוסיל האט פארגעסען אין די נגידים אונ האט זיך ווייטער געזינגען אונטער דער נאז זיין „אשת חיל" אונ האט געקוקט מיט ליבע פוללע אויגען אויף זיין אלטער געקארטשעטער חאנצי ברײנה'ן.

אט אזוי האבען זיי געשאפט נייעם כח אין דעם הייליגען טאג פון רוה; נייעם כח צו ארבייטען און צו פלאגען זיך און צו הונגערין די גאנצע וואך מיט דער האפנונג אז שבת וועלען זיי אויסגלייכען זייערע ביינער און זיי וועלין זיך אויסרוהען פאר א גאנצע וואך.

## VI

גאנצע פינף יאהר האבען זיך געפלאגט און געהארוועט ניט דערעסען און ניט דערשלאפען אונזער אלט פאר פאלק, זיי האבען אלץ צונויפגעלייגט א גראשען צו א גראשען, נור ווער איז אבער אימשטאנד איבער צוגעבען זייער פרייד און זייער גליק אז זיי האבען דערלעבט דעם לעצטען הושענא־רבה און דאס ריינינגקייט איז געלעגען ביי זיי אין שטיבעל אויף דעם גרויסען ווייסען לאנגען טיש, און אלע פיינסטע בעלי־בתים פון דער שוהל זענען געוועהן פערזאממעלט.

מיכאל יוסיל און חאנצי בריינה זענען געוועהן עפיס אזוי ווי פערטומעלט און פערטשאדעט. עס האט אויסגעוויזען אז עס חלומט זיך זיי נור א שיינער פראכטיגער חלום, עס האט זיך זיי ניט געגלייבט אז דאס איז ווירקליך זייער תורה, און גאטט האט זיי געהאלפען צו דערגרייכען זייער צוועק, וואס זיי האבען אזוי געשטרעבט נאך דעם! נור ניין, דאס איז ניט קיין חלום אט ליגט די תורה אויפ'ן טיש! אט זיצט דער גאנצער עולם פון דער שוהל וואס זענען געקומען לכבוד התורה! און מיכאל יוסיל מיט חאנצי בריינה'ן זענען אומגעגאנגען פון איינעם צום אנדערין מיט א שמייכעל אויף די ליפפען, און ווייזענדיג אויף דעם לעקיך און בראנפען און אנדערע גוטע זאכען וואס געפינט זיך אויף דעם טיש.

— עסט און טרינקט — האבען זיי אלץ געזאגט — מיר האבען דאנקען גאט אנגעגרייט עס איז ביי אונז דער גרעסטער יום־טוב אז גאט האט אונז געהאלפען צוגעבען א ריינינגקייט פון אונזער הארוואניע.

און אז מען האט זיי צוגעווינשעוועט אזוי ווי געוועהנליך איז „זיי זאלען דערלעבען ביז הונדערט און צוואנציג יאהר" האבען זיי דארויף געענטווערט:

— אצונד ווי אזוי גאטט וועט שוין וועלין, וועט זיין גוטער ווילען זיין מיר זאללען נאך לעבען עטליכע יאהר מהיכא תיתי, און אז חלילה ניט איז אויך קיין גרויס אומגליק ניט אבי גאטט האט אונז געהאלפען מיר האבען דערלעבט צו זעהן אונזער ספר מיט אונזערע אייגענע אויגען.

ענדליך האט געזאגט דער שוהל גבאי: „עס איז שוין צייט!" דער עולם איז אויפגעשטאנען פון אונטער'ן טיש, מיכאל יוסיל און חאנצי בריינה



האבען איינגעטהיילט יעדען וואקסענע הבדלות. די חופה איז געוועהן אויפגעשטעלט פאר דער שטוב, מיכאל יוסיל האט גענומען דאס ספר אנגעטוהן מיט דער זילבערנער קרוין מיט גלאקליך און דער פאראד האט זיך אנגעהויבען.

## VII

עס איז שוין געוועהן שפעט ביי נאכט. די לבנה איז ארויס געשווימען פון די וואלקען און האט באלייכט דעם גאנצען פאראד, וועלכער האט זיך געצויגען דורך דער גרויסער לאנגער טאמאשיוואטער גאס, מיט געציילטע לאנגזאמע שריט, דאס גאנצע שטאדטיל יונג און אלט פרויען און מאנגער זענען ארויס געגאנגען פון די הייזער „לכבוד התורה", פון אונטער דער חופה האט זיך געהערט די געמבע פונ'ם שוהל שמש „הר' שמעריל עם כבוד התורה" הר' משה בעניש עם כבוד התורה", און דער ר' שמעריל אדער משה בייניש איז צוגעגאנגען מיט גרויס דרך ארץ צום ריינינגקייט, א קוש געגעבען געטראגען די תורה עטליכע שפאן און האט עס איבער געגעבען דעם צווייטען און דער צווייטער דעם דריטען און אזוי ווייטער.

אזוי האט יעדער פון די געבעטינע גאסט געהאט די עהרע צוטראגען די תורה עטליכע שפאן.

אזוי האט זיך געצויגען דער פאראד טריט־ביי־טריט מיט די אנגעצינדענע הבדלות ביז אין דער שוהל. די יודישע כלי זמר און די וואס זענען געגאנגען פארינט האבען געשפילט און געזינגען יודישע נגונים וואס דאס יודישע לעבען האט זיי בעשאפען. אזוי טרויעריג־זיס אז עס נעמט ביים הארצען, ווי גוטער וויין קוויקט א שלאפען מענשען נאך א שווערע קראנק, דער גאנצער עולם איז נאך געגאנגען און ווי איין מענש אויף איין מינוט ניט אבגעריסען די אויגען פון דעם „ריינינגקייט" מיט דער זילבערנער קרוין.

און מיכאל יוסיל מיט האנצי בריינה'ן? נור ווער איז אימשטאנד צו שילדערין די טויזענדער געפיהלען וואס עס האט זיי איבערוועלטיגט? עס האט זיך זיי אויסגעוויזען אז זיי האבען נאך ווייניג געהארוועט וועניג אפפער געבראכט, עס האט זיך זיי אויס געוויזען אז זייער גליק איז זיי נאך צו גרינג אנגעקומען און זייערע ליפפען האבען אלץ געשעפטשעט.

— מיט וואס האבען מיר עס זינדיגע מענשען ביי דיר פארדיענט אזא חסד, גאטעניא?

ענדליך האט מען דאס ספר געבראכט אין שוהל אריין, דער חזן האט געמאכט א „מי שברך" מיכאל יוסל'ן מיט חאנצי בריינה'ן און מען האט דאס ספר אריינגעשטעלט אין ארון קודש, מיכאל יוסיל מיט חאנצי בריינה'ן זענען צוגעגאנגען און האבען געקושט דאס ספר און פון זייערע אויגען האט געקאפעט טרעהרין; נור דאס איז אבער געוועהן טרעהרין פון גרעסטען גליק.

* *
*

אויף דעם וועג אַהיים געהענדיג האָט געזאָגט חאַנצי בריינה צו מיכאל יאָסל'ן.

— זעהסטו מיכאל יאָסיל לעבען! געדענקסט וואָס איך האָב דיר געזאָגט „אַז מען נעמט זיך אונטער העלפט גאָט". זעהסטו מיר האָבען זיך אונטערגענומען און גאָטט האָט אונז געהאָלפען?

— דאַנקען גאָטט, חאַנצי קרוין! — האָט געענטוועֶרט מיכאל יאָסיל — טאַקי נור גאָט האָט אונז געהאָלפען און מיר דאַרפען איהם דאַנקען אויפשטעהענדיג און ליעגענדיג פאַר זיין גרויס גענאַד וואָס ער האָט אונז באַוויזען.

— דו האָסט אפילו צו געהאָרוועט — האָט חאַנצי בריינה געזאָגט — וואָס מאַכט עס אָבער אויס? דער פאַר אָבער פון היינט אָן וועסטו דיר שוין ווייטער קאָנען האָבען פערגניגען, אַללע אין דער פריה צוביסליך בראָנפען אַזוי ווי פריער, געדיינקסט?

מיכאל יאָסיל האָט דאַרויף גאָר ניט געענטוועֶרט ער האָט זיך פאַרקוקט אויף זייערע לאַנגע שאָטען וואָס האָבען זיך געפלאָנטעט אויף די וואַנד פון די הייזער וואָס זיי זענען דורך געגאַנגען.

— עט — האָט ער געזאָגט, ווען זיי זענען שוין געקומען נאָהענד צו זייער שטיבעל, ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגען, חאַנצי קרוין? — אונזערע ביינער וועלין זיך שוין אויס רוהען אין קבר, אויף דער וועלט האָבען מיר זיך דאָ קיין צייט ניט אויס צורוהען, ביז אַהער האָבען מיר געהאָרוועט פון גאָטט'ס וועגען אַצונד דאַרפען מיר אונז אויך עפּיס אין זינען האָבען, מיר דאַרפען צונויף לייגען אַ גראָשען צו אַ גראָשען מיר זאָלען חלילה ניט ליגען אין פרעמדע תכריכים, אָדער חלילה אָהן מצבות.

— ביזט גערעכט — האָט געענטוועֶרט חאַנצי בריינה

* *
*

און די אַלטע לייט האָבען זיך ווייטער גענומען האָרוועןען, זיי האָבען ווייטער ניט דערעססען ניט דערשלאָפען, אַבי צוזאַמען קלויבען אויף תכריכים און דאָס קאַסטעלע האָט ווייטער אויפגעגעסען זייערע מיטטאָג'ס מיט די וועטשערעס, ביז ענדליך עס איז געקומען דער גוטער טוידט, און האָט זיי באַפרייט פון זייער האָרוועןען און פּלאָגען זיך. דאָרטען אויף דעם אמת'ן רוהע פּלאַטץ רוהען זיי זיך אויך אויס זייערע אַלטע אָבגעהאָרוועטע ביינער.

אליעזר דוד ראָזענטהאַל.





# מיין לויפען נאָך אויסלאַנד.

(אויס די שריפטען פון אַ יודישען סטודענט.

ווען איך בין נאָך אַ באַנק קוועטשער געוועהן האָב איך געמיינט אַז חוץ די ד' אמות פון דער ישיבה איז שוין ניטאָ קיין חכמה קיין וועלט; אַז טאַקי כל החכמות שטעקין נור אין בית המדרש אַיין געפּאַקט מיט די שמות צוזאַממען.

איך האָב געמיינט אַז די גאַנצע וועלט איז אין דער אמת'ן נור צו ליעב מיר בעשאַפען געוואָרען, אַז די אַללע וועלט ערפינדונגען זענען נור צוליעב דער תורה הקדושה, אָט למשל די אייזען־באַהנען זענען באַשאַפען געוואָרען כדי אַ ישיבה בחור זאָל ניט דאַרפען מבטל זיין צייט בין הזמנים, אַרום צו שלעפּען זיך מיט בעלי עגלות; אַז „גוטטענבערג" האָט נור דאַרום די דרוק־קערײ ערפונדען כדי מיר זאָלען היינט די טהייערע ווילנער ש"ס פאַר ביליג געלד האָבען. אַנשטאָט דאָס פערצייטען האָט מען זיך געמוזט די אויגען אַרויס נעמען לייענענדיג די אַלטע פערמעקטע שריפטען א. ז. וו.

ווי איך האָב אָבער געגעסען פון עץ הדעת און האָב אויף געעפינט מיינע אויגען האָב איך דערזעהן אַ גאַנצע וועלט חוץ דער ישיבה און אפשר נאָך גרעסער און קלינער, איך האָב אָנגעהויבען צוקוקען אין דער זין דאָס איך בין ממש פערבלענדעט געוואָרען, איך האָב מיך אָבער אַללע מאָהל מעהר צוגעוואָהנט צו דעם עלעקטרישען ליכט דאָס איך האָב שוין אין דעם פינסטערין נר־תמיד ליכטעל נישט געקאָנט קוקען, און די בלענדענדע שטראַהלען האָבען מיך ווירקליך צו געצויגען אַז איך האָב שוין געמוזט נאָך געהן נאָך זיי.

נור לאָזט מיך אָנהייבען אַ ביסעלע פראָזע צוריידען, איך בין געוועהן אַ פשוטער בית המדרש'ניק, איך האָב געלערינט און געלערינט צו פאַר אַ צוועק אָדער ניט, האָב איך אַליין ניט געוואוסט, אָדער מיט דער צייט

האט זיך דער יצר הרע ביי מיר אריין געגנב'ט: קורץ איך האב א מאהל א יודיש ביכעל געפונען אונ ווייל עס איז געוועזען אהן פונקטאציאן ד. ה. אהן פראגע צייכען אונ אויסרופינגסצייכען אויך נישט קיין צוויי פינטעלעך, בין איך נכשל געווארען אונ האב געמיינט אז עס איז עפיס א מעשה ביכעל פון א גרויסען צדיק אונ האב אנגעהויבען צו לייענען אונ ווי דער שטן אונ אללע מלאכי חבלים וואלטען מיך פעסט געהאלטען וואלט איך ניט געקענט דאס קליינע ביכעלע אוועק שטויסען אונ האב דאס — איך בין מודה ומתודה — אין גאנצען דורך געליינט אונ אין מיין הארצען האט שוין אנגעהויבען א ספק צו ערוועקען, אויב בלעם'ס עזעל א חוץ זיינע גרויסע אויערין האט ער אויך א גרויס מויל געהאט ווי א מגיד; אויב דער מלאך המות האט אין דער אמת'ן אזוי פיעל אויגען ווי מען זאגט, דען ווען עס וואלט אמת געוועהן וואלט ער דאך ניט גענומען מיינע אויסגעדארטע סאבאטע שוועסטער ס'טייטש יעדער חתן וועלכער נור איין אויג האט וואלט דאך בעמערקט, קורץ איך האב געהאט א סך ספקות אונ ספק ספקות דארום האב איך מיר אנגעהויבען שוין אללעס מתיר צו מאכען: איך האב שוין אנגעהויבען ביכליך מיט פונקטאציאן צו לייענען. ווי איך האב פריהער געלערנט אונ געלערנט, אזוי האב איך יעצט געליינט אונ געליינט, אין דער ישיבה האט מען מיך שוין אויף די אויגען גענומען, מען האט מיך ענטדעקט פאר א אפיקורוס, מען האט מיך אנגעהויבען צו פערפאלגען דאס איך האב די ישיבה גיך פערלאזט, אדער פיעל בעססער געזאגט: איך האב זי שוין געמוזט פערלאזען, אונ האב אנגעהויבען צו וואנדערין נאך דער שאגע רייצענדע נקבה פון וועלכער שלמה המלך זאגט אז: „כל באיה לא ישובון" ס'איז טייטש: אללע וואס געהן נאך דער השכלה אונ אפיקורסות קעהרין שוין ניט מעהר צוריק.

פון מיר דעם פאנאטישען קלויזניק איז געווארען א משכיל! אזוי וויא איך בין א פייעריגער בטלן געוועהן אזוי א פייערדיגער משכיל בין איך געווארען, מיט דער צייט איז מיר אללעס וואס אין ליטא אונ פוילין פערהאנדען איז, מיאוס געווארען, [illegible] איך האב פריהער געדענקט אז אללע חכמות זענען נור אין יענעם עק וועלט: אז אין דער ליטא מוז מען נור פערפינסטערין די יאהרען, איך האב מיך אלזא בעשלאססען צו וואנדערין, דען איך האב שטארק געגלויבט אז מען פערלאזט איין אסטראג קומט מען זא פארט אויפ'ן פרייען פעלד, איך האב מיך צונויף געקליבען אונ צוזאממען געפאקט די זאכען אונ בין געפאהרען, וואהין? האב איך אליין ניט געוואוסט; נור וואו עס איז דאך בעססער אלס אין דער פינסטערער ליטא צו פערבלייבען.



אין דער גאנצער ישיבה איז ארויס א קול דאס איך פאהר שטודירען, אונ אפשר נאך רחמנא ליצלן שמד'ן, מען האט מיך שוין אין דער ישיבת צוריק געוואלט אויפנעמען אבער יעטצט האב איך שוין ניט געוואלט.

„קיין אויסלאנד"! „קיין אויסלאנד!" איז געוועהן מיין צוועק מיט מיין גאנצער נשמה.



איך האב מיך געזעגענט מיט מיינע „טאג" וואו איך האב געגעסען, דאס האבען קינדער וואס שטודירען, איינער א דאקטאר, דער אנדערער א אפטייקער, מען האט מיך נאך זעהר צוגערעדט, אונ בשעת איך בין געקוממען זיך געזעגענען האב איך נאך צו 10 קאפעקין אויף דער הוצאה בעקוממען אונ אויף איין ארט א שטיקעלע קעז מיט ברויט, אין אנדערין ארט א זויערע אוגערקע עס זאל זיין מיין הארץ אויף דעם גרויסען ווייטען אונענדליכען וועג צו ערקוויקען. אבגעזעגענט זיך מיט אלעמען, פיללייכט אויך מיט תפילין אונ ציצית... איך האב מיך אויף די פוהר ארויף געזעטצט אונ בין מיר אוועק געפאהרען, דאס הארץ האט אין מיר געקלאפט פאר בעגייסטערונג, עפיס א שפאס באלד אין א פאר מינוט וועל איך אין דייטשלאנד זיין, אונ אללע טויערין פון חכמה וועלען זיך פאר מיר עפענען!

*

איך בין אריבער די גרעניץ בשלום אונ ווייל איך האב געמוזט ווארטען אויף דער פוהר האב איך אבגעטרעטען אין א „גאסט הויז" אבער צו מיינעם גרויסען פערוואונדערונג האב איך געזעהן ביי דער טהיר א מזוזה, — אין דייטשלאנד א מזוזה?!! —

— האב איך פערוואונדערט געקלערט — איך האב מיינע אייגענע אויגען ניט געוואלט גלויבען, איך בין צוגעגאנגען נאהנטער אונ האב זי אויף גיעפינט דען איך האב געמיינט! זי מוז דאך ניט זוי זיין ווי אונזערע מזוזות. איך האב זי דורך געזעהן אונ צו מיין וואונדער האב איך געפונען די ווארטער: „כוזו במוכסז כוזו" שטעהן אויך דארט געשריבען, נו דאס איז שוין פלאי פלאים, ס'טייטש אין דייטשלאנד גלויבט מען אויך אין שמות הקדושים?! נור א וואונדער איז עס געוועזען אונ דאס זעלבע איז געבליבען. איך בין ווייטער געפאהרען, דער פורמאנן איז פערפאהרען אין אכסניא נור ווידער א מעשה פלא; אויף דער פירמא האב איך געלעזען דאס ווארט „כשר" אט דאס איז שוין א גרויס וואונדער, ס'טייטש אין גאנץ ליטא אונ אין פוילין האב איך דאס אין קיין שום אכסניא ניט געזעהן, אונ דא אויף א פשיטעס נאסטהויז שטעהט, אונ נאך זא פיעל מאהל ווידער פלאי פלאים

עס האט זיך מיר פארגליסט א גלאזעלע בראנפען צוטרינקען אבער א, ליידער, ווי אזוי קאן איך צוגעהן, מען מוז דאך דא אין דייטשלאנד דייטש רעדען, איך האב גענומען נאך צודענקען ווי מען זאגט אויף דייטש ווען מען וויל א שנאפס איך האב געקלערט אונ געדענקט אונ האב לסוף אויפגעזוכט פון מיינעם לעהרע ביכעל, אונ בין צוגעגאנגען צום שאנק טיש מיט פאלגענדע ווארטער: „איך ביטטע זייען זי זא גנאדיג אונד געבען זי מיר איינען בראנדוויין פיר 10 פפעניג" (5 קאפ) די פרוי האט מיך אנגעקוקט, „וואס ווילט איהר בראנפען?"

נו דא בין איך שוין ארויס פון די כלים אין דייטשלאנד רעדט מען יודיש!

מיין ערשטער עסק וואר צו געהן צום הערר דאקטאר ראבינער אונ איהם דערצעהלען פון מיין פלאן, דאס איך וויל שטודירען אונ מיך בעפרייען פון פאנאטיזמוס, אבער עפיס א קלייניגקייט צו א דאקטאר ראבינער געהן! איך האב ווידער מיין לעהרעביכעל הערויסגענומען אונ גענומען זוכען א שאנע רעדע פיר דען דאקטאר ראבינער, אבער צום אומגליק איז צו א „דאקטאר ראבינער" דארט ניט געשטאנען. פון דעסטוועגען האב איך דארט געפונען א רעדע ווי מען רעדט צו א פרינצען. איך בין געפאלען איבער דעם ווי איבער א כשר'ע מציאה אונ האב דאס איינגעלערנט ווארט פיר ווארט אויסוועניג. איך בין אנגעקומען צו זיין וואהנונג, איך האב אנגעקלינגען ביי דעם גלאק, אונ א טהיר האט זיך געעפענט, קורץ אונ שארף איך בין אנגעקומען צום דאקטאר ראבינער אונ פאר מיינע אויגען איז געשטאנען א געגאלטער אהן א היטעל אפילו ניט אמאל א יארמעלקע אויפ'ן קאפ. איך האב מיך טיעף געבייגט אונ האב אנגעהויבען צו רעדען, אויף גיך אין איין אטעם ווי מען לייענט די עשרת בני המן: איך נעהמע מיר די פרייהייט איהרער דורכלויכט מיט דער אונטערטהאניגסטען ביטטע פאראנצוזעהן...

— נון וואס ווינשען זי? — האט ער אונטערבראכען. איך בין שטארק פערטומעלט געווארען, ווייל ער האט מיך ניט געלאזט ענדיגען מיינע רייד דאס איך האב אציגד ניט געוואוסט ווי ווייטער צופיהרען מיין בקשה. — איך וויל שטודירען — האב איך קוים אנגעהויבען רעדען — איך האב זיך באלד פארגעשטעלט ווי אין די ביכער שטעהט געשריבען מיט וועלכע איך האב זיך פיעל אנגעלייענט, הכלל איך האב שוין געמיינט איך בין אין זיבענטען הימעל אבער א וועה! דער הערר דאקטאר ראבינער האט ארויס גענומען 10 פפעניג אונ האט מיר געגעבען אונ איז אריין ווייטער אין זיין צימער. —

— „א א שווארץ יאהר אונ אלע מיינע בייזע חלומות אויף אלע מיינע שונאים 10 פפעניג! 10 פפעניג" — האב איך מיר געחזר'ט. — „פיר דעם האט געלוינט צו זוכען אין מיינעם לעהר ביכעל אונ איין צו חזר'ן אזא לאנגע רעדע!". נור מילא וואס קאן מען טהון? איך בין ווייטער געגאנגען. אויס ביכער!

איך בין ערוואכט געווארען צום אמתדיגען לעבען, א פאר מארק האב איך נאך געהאט אונ פאר דעם בין איך געפאהרען, איך בין אנגעקומען אין קעניגסבערג דארט וואו אלע קראנקע א רפואה בעקומען, האב איך אויך א רפואת הנפש בעקומען, מיין ערשטער ראבינער עמפפאנג האט מיר שוין פערזאגט אויף א צעהנטען דור דאס איך זאל שוין זייער שוועל ניט איבער-טרעטען. דאנן איז צו פעליג דארט געוועהן דער דר. N. N. פון בערלין, איך האב מיך איבערלייגט, עס וואלט גלייך זיין איהם אויף צו זוכען, איך בין אנגעקומען צו איהם א קליינער יודעל מיט א יארמעלקע אויפ'ן קאפ דאס איז מיר געוועהן א שטיקעלע נחמה, אז ווען ער האט א בארד אונ א יארמעלקע אויפ'ן קאפ וועט ער דאך מסתמא יודיש אויך רעדען, איך האב טאקי ניט



געקלערט אונ אנגעהויבען מיט איהם פראסט יודיש צו רעדען, אבער ער האט צו געלייגט זיין אויער צו מיר „וואס ווינשען זי?"

— „וואס ווינשען זיא? — האב איך מיר געטראכט דייטש רעדט ער צו מיר? מיין בייזער שווארצער חלום אויף די דייטשען. עס איז גאר באמונות א עולם הפוך! אויף דייטשע הייזער שטעהען אויפגעשריבען דורך אויס „כשר" אונ א יוד מיט א יארמעלקע אונ א בארד רעדט גאר דייטש! עס איז אבער קיין צייט צו קלערין, איך האב איהם באלד דערצעהלט דעם צוועק פון מיינער רייזע, ער האט מיך אבער געפרעגט: „אונד וואס קאנען זי? קאנען זיא לאטיין, גריכיש, מאטהעמאטיק, פהיזיק א. ז. וו. האבען זיא עטוואס גימנאזיום אבסאלווירט?" — ניין — האב איך געענטווערט —

— נון ווי אזוי וועלין זי קאנען אין ראבינער שולע קומען?" אונ האט דאביי א וואהרען יודישען קרעכץ אונ א זיפץ געגעבען אונ דאצו האט ער ארויסגענומען א 20 פפעניג שטיקעל אונ האט מיר געגעבען. — אבער בכבודטער הארר דאקטאר! גיבט מיר א עצה וואס איך זאל מאכען? ער האט ווידער א יודישען קרעכץ געגעבען אונ געצויגען מיט די פלייצעס אונ איך בין אוועק געגאנגען. —

*

אויס פארגעשטעלטע גליקען אין אויסלאנד צו טרעפען!

דאס ביסעל געלד וואס איך האב נאך געהאט האט זיך שוין אויס-געניצט, איך האב מיך שוין געפיהלט גענאטהיגט צום לעצטען מיטטעל צו נעמען. ווען מען ווערט פון א שנארער א רב — האב איך געטראכט קען מען דאך אויך פון א שנארער א דאקטאר ווערין. איך האב טאקי אזוי געטוהן, אונ מיט מזל בין איך געקוממען קיין ברעסלוי פון דארט קיין וויען, אין וויען אויפ'ן וואגזאל בין איך שוין שטעהן געבליבען אהן א פרוטה, איך בין שוין געוועזען שטארק פערצווייפעלט, אלס איך האב געזעהן א גאנצע קאמפאניע יודלעך מיט לאנגע געקרייזעלטע פאות מיט הויכע שטריימלעך אונ לאנגע בעקעשעס, איך בין געשטאנען צומישט ווי אויפ'ן עולם הדמיון, דאס האב איך שוין אין דער ליטא געהערט דאס עס זענען דא פיעל חסידישע רבי'ס וואס געהען אזוי געקליידעט; אבער אזוי פיעל רבי'ס, א געוואלד! אונ דאס איז אין וויען נאך דערצו אין וואגזאל. אונ ווען עס איז דא אזוי פיעל רבים מוז דאך זיין אהן א שיעור חסידים! איך האב מיך אבער נאך מעהר דער-שראקען אלס איך האב מיך דערמאנט וואס איך האב אין דער ליטא פון די משכילים געהערט ווען איך בין שוין א שטיקעלע משכיל געווארען, אז אין די היינטיגע צייטען עקסיסטירען שוין ניט קיינע שדים אויך ניט חסידים... אונ ווייל איך האב דא אזוי פיעל חסידים דערזעהן האב איך מיך טאקי גאר שרעקליך דערשראקען, איך האב אבער קיין אנדערע עצה געהאט האב איך מיך געשטארקט אונ צו געגאנגען צו זיי, דען בעססער האבען צו טהון מיט

חסידים אלס מיט מזיקים. דא האב איך שוין גאר קיין רעדעס איינגעהערט, אונ מיט ווייניגער האפנונג אלס פריהער צו די דאקטאר ראבינערס, דא האב איך שוין ניט געגלויבט אוצרות צו בעקומען, נור גאנץ פשוט די צרות אונ נויט האבען מיך געצווינגען, בין איך צו געגאנגען.

— פון וואנען זענט איהר? — האבען זיי מיך געפרעגט.

— פון דער ליטא.

— א פון דער ליטא? נו? וואס מאכט איהר דא?

— איך פאהר לערנען

— וואהין? אוודאי קיין פרעסבורג, א יא? — איך האב געזאגט איך פאהר לערנען אונ האב ניט דערמאנט דעם נאמען שטודירען, אונ ווי איך האב דערהערט „פרעסבורג" האב איך מיך זעלבסט געפרעגט וואו איז עס, וואס איז דען דארט? איך האב מיך קוים דערמאנט אן דעם „חתם סופר" וואס איז געוועהן דער ראש ישיבה אין פרעסבורג; אבער פאר דעם נאמען „ישיבה" בין איך ווידער געווארען שטארק דערשראקען, סטייטש מיין גאנץ שטרעבען איז דאך געוועהן אז איך זאל ניט דארפען די ישיבה אנצוקוקען צום סוף זאל איך ווידער אין די ישיבה אריין קוממען? סטייטש נאך א מאהל פון דער ישיבה בין איך אוועק מיינע אויגען האבען זי נישט מעהר געהאלט אנקוקען, אונ יעטצט מוז איך מיך נאך פיהלען גליקליך ווען איך וועל א פלאטץ געפינען אין דער ישיבה!! נור וואס האב איך געקענט מאכען, א ברירה האב איך געהאט?... איך האב מיך אבער אומזיסט געשראקען ווי ווי אומזיסט האב איך פון די דאקטאר ראבינערס הילפע ערווארט. אט טאקע נור די יודעלעך האבען צוזאממען געקליבען עפים געלד אונ האבען מיר געקויפט א בילעט קיין פרעסבורג. —

איך בין אריין דארט אין בית המדרש, אבער ווי פערוואונדערט בין איך געוועזען ווי איך האב געזעהען א פולע הויז מיט טליתים קליינע קינדער בערך 6—7 יאהר טראגען טליתים לעך, איך האב געמיינט אז די אלע האבען שוין חתונה געהאט, אדער איך האב געמיינט אז איך בין יעטצט אין א שול נאך האלבער נאכט ווי אללע מתים מיט טליתים שטעהן אונ דאווינען, איך בין געשטאנען ווי צו מישט, ענדליך איז צו מיר איינער צו געקוממען אונ האט מיר „שלום עליכם" געגעבען אונ דאביי האט ער מיר א טאפ געגעבען ביי די פאות דאס הייסט ווי יענער זאגט וואו זענען די פאות? איך האב מיך מתנצל געוועהן אז אין רוסלאנד טאר מען ניט געהן אין פאות, ער האט נעביך א זיפץ געטוהן ווי יחזקאל מיט צובראכענע לענדען, — א דער גלות! דער גלות! נור — האט ער זיך צו מיר געווענדעט וואס מאכט איהר דא?

— איך בין געקוממען לערנען?

— לערנען? גוט, נור זענען דען אין רוסלאנד ניט דא קיין ישיבות?

— יא, אבער איך וויל א ביסעל בילדונג לערנען אונ איך מיין אז אין



פרעסבורג ווייל עס איז דאך אין אויסלאנד לערינט מען אוודאי השכלה.

— וואס השכלה? וואס בילדונג? — האט ער מיט דעם קאפ געשאקעלט. איך בין געוועזען נייגעריג האב איך איהם געפרעגט ווי דער מצב השכלה אין דער ישיבה איז, אויב די בחורים קענען דייטש? אויף דער פראגע האט ער מיר געענטווערט „דא איז נור א מקום פיר די תורה הקדושה; אונ פון דעסטוועגען קענען שוין אלע בחורים א אדרעס אויף דייטש אויך שרייבען. נאך דעם האט ער זיך געווענדעט צו מיר מיט דער פראגע, וואו זייט איהר אין קוואמיר.

— איך האב ניט, איך בין אצינד געקוממען צופאהרען, אפשר וועל איך אין בית המדרש שלאפען דא איז דאך א ישיבה.

— ווי? אין בית המדרש שלאפען? וואו האט איהר דאס געהערט? קוממט צו מיר וועט איהר דארט פריהשטיקען. —

עס איז געוועהן ערשט 8 אוהר אין דער פריה, אונ שוין עססען? ער איז זיך קיין דייטש ניט? א פרוממער יוד זאל עססען 8 אין דער פריה איך האב מיך זעהר געוואונדערט, איך בין געגאנגען צו איהם פריהשטיקען. נאך דעם פרישטיק האט ער מיט מיר זיך אנידער געזעצט לערנען די גמרא „מנחות" עס איז מיר ניט געקראכען אין דער לינקער פאה, ערשטינס בין איך דאך מיעד פון דער גרויסער רייזע; צווייטענס ווען איך וואלט געוואלט ניר גמרא לערנען האב איך דאך געקאנט בלייבען אין דער ישיבה אין דער ליטא ער האט געלערינט מיט מיר א שעה צוויי אונ איז מיט מיר געבליבען צופרידען.

צופאלליג האבען מיר דערמאלט די גמרא וואס שמועסט פון שעטנז געלערינט, מיר האבען געלערינט אז אין ציצית מעג זיין שעטנז געמישט ווייל עס שטייט „לא תלבש שעטנז" דאס הייסט דו זאלסט קיינע שעטנז ניט אנקליידען, אונ ווייטער שטייט „גדלים תעשה לך" ד. ה. ציצית זאלסטו דיר מאכען איז דאך פון דאנען גערדינגען ווייל עס שטייט צו זאמען שעטנז מיט ציצית אז מען מעג זיי ביידע צוזאממען מישען.

איך וויל ניט מיט אייך, ליבע לעזער, יעצט קיין פשעטלעך לערנען דען איך וויים געווים ווען מיר, א ישיבה בחור, זענען זיי ניט געקראכען אין דער לינקער פאה וועלען זיי אייך געווים ניט אין די אויערען אריין געהן. די קליידער וואס איך האב אויפ'ן וועג בעקוממען אבער זיי זענען בעוה"ר געווען שעטנז קען איך אייך ניט גוט זאגען, נור כשר'ע ציצית האט איהר דאך שוין אויבען געלעזען, אז איך האב מיך באלד מיט די „טאג" צוזאמען אויך מיט די ציצית אבגעזעגענט.

אונ ווייל מיר האבען געשמועסט פון ציצית אונ פון שעטנז איז גראד פארקערט „בא הלכה וניזכר מעשה" ד. ה. ווען מען האלט דערביי דערמאנט מען זיך.

— יא — האט ער געזאגט ווי איהר האט מיר דערצעהלט זענט איהר געקוממען פון דייטשלאנד אונ אייערע קליידער זענען אויך מסתמא פון דייטש־

לאַנְד, דְרוּם וואָלְט גוּט גֶעוֶועהְן אַדוּרְךְ צוּזוּכֶען אוֹיבּ עֶס אִיז נִיט דַארִינֶען שַׁעַטְנֵז, צוּ מַיין גְרוֹיס גְלִיק זֶענֶען זַיי נִיט גֶעוֶועהְן שַׁעַטְנֵז׳דִיק. נָאךְ דֶעם זוּכֶען הָאט עֶר מִיר גֶעזָאגְט.

— ווִי אִיךְ זֶעה הָאט שׁוֹין דֶער יֵצֶר הָרָע אוֹיף אַייךְ אַ שְׁלִיטָה גֶעהַאט, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן אַייךְ פְרֶעגֶען אוֹיבּ מֶען לֶערִינְט דָא דַייטְשׁ, נוּר אִיךְ זָאג אַייךְ: שַׁעַטְנֵז אִיז פָּסוּל; דֶער דַייטְשֶׁער רַאבִּינֶער אִיז אָבֶּער טְרֵיף אוּנ פָּסוּל. גָאטט זַיי דַאנְק — הָאט עֶר וַוייטֶער גֶעזָאגְט מִיט אַ יְרֵא שָׁמַיִם׳דִיגֶע מִינֶע, בַּיי אוּנְז אִין דֶער יְשִׁיבָה אִיז נִיטָא קֵיין שׁוּם אֲפִּיקוֹרְסֶת, פַאר אֲפִּיקוֹרְסִים יִמַּח שְׁמָם אִיז דָא אַ פְּלַאטְץ אִין פּ—ט, אִין סֶעמִינַאר עֶר זָאל אוֹיס גֶערִיסֶען וֶוערֶען...

אַזוֹי, הָאבּ אִיךְ מִיר גֶעטְרַאכְט אוּנ פֶערקְנֵייטְשְׁט אִין שְׁטֶערְן, אִיז יָא דָא אַ אָרְט פַאר אֲפִּיקוֹרְסִים?... וואו?... קֵיין פּ—ט?...

אוּנ מַיין גֶעזִיכְט הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן צוּ שַׁיינֶען. מַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען:

„פּ—ט!. פּ—ט?. טַאקִי פּ—ט! נוּר פּ—ט!" אִיךְ הָאבּ מִיר דֶעם נָאמֶען גוּט אַיינְגֶעהֶערְט אִיךְ זָאל אִיהְם חָלִילָה נִיט פַארְגֶעסֶען.

אִיךְ בִּין גֶעלָאפֶען שְׁפֶּעטֶער צוּם וַואגְזַאל אוּנ הָאבּ מִיךְ דֶערְפְרֶעגְט וָואס אִיז דָאס פִיר אַ שְׁטָאט פּ—ט? — פּ... אִיז נִיט וַוייט הָאט מֶען מִיר גֶעעֶנְטְוֶוערְט — אַזוֹי? גוּט, שְׁנֶעלל גִיכֶער לָאמִיר פָאהְרֶען!

אָבֶּער פוּן וַואנֶען נֶעמְט מֶען גֶעלְד אוֹיף דֶער הוֹצָאָה קֵיין פּ—ט? דָאס אִיז טַאקִי אַ שְׁוֶוערֶע שַׁאֲלָה.

*

אִיךְ הָאבּ זִיךְ בַּאקֶענְט מִיט דֶעם מַצָּב פוּן דִי אוּנְגַארִישֶׁע יְשִׁיבוֹת, אִין דִי אוּנְגַארִישֶׁע יְשִׁיבוֹת אִיז דֶער מִנְהָג אַז אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר אִיז אִין חוֹדֶשׁ נִיסָן אוּנ הַאלְבּ אֱלוּל אוּנ אִין גַאנְצֶען חוֹדֶשׁ תִּשְׁרִי פְרַיי, דֶענְסְטמָאל בֶּעקוּמְט עֶר אַ כְּתַב פוּן רַב (דֶען דָארְט זֶענֶען דִי רַבָּנִים אוֹיךְ רָאשֵׁי יְשִׁיבוֹת) וָואס אִיז פוּל מִיט לוֹיבּ אוּנ מִיט דֶעם כְּתַב גֶעהְט דֶער יְשִׁיבָה בָּחוּר פוּן שְׁטָאדְט צוּ שְׁטָאדְט, פוּן דָארְף צוּ דָארְף אוּנ מַאכְט זִיךְ צוּנוֹיף 25—30 רַיינִישׁ (פְלָארִין, 75 קָאפּ) אִין פְּרֶעסְבּוּרְג הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעקֶענְט פֶערבְּלַייבֶּען ווַייל דָארְט זֶענֶען שׁוֹין דָא זֶעהְר פִיעל, נוּר אָט הָאט מִיר דֶער רַב אַ עֵצָה גֶעגֶעבֶּען אִיךְ זָאל דִי גַאנְצֶע צַייט בִּיז אִיבֶּער דִי יָמִים טוֹבִים אַרוּם פָאהְרֶען מִיט זַיין כְּתַב, מֶעהְר הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעדַארְפְט אִיךְ הָאבּ בֶּעקוּמֶען פוּן אִיהְם אַ כְּתַב אוּנ בִּין גֶעפָאהְרֶען, ווִי עֶס אִיז בַּאקֶענְט זֶענֶען דִי יוּדֶען אִין אוּנְגַארִין אִין צְוֵויי פַּארְטֵייעֶן גֶעטְהֵיילְט: אִין אָרְטְהָאדָאכְּסֶען, אוּנ פָּארְשְׁרִיטְטְס־פַּארְטֵייעֶן, ווִיפִיעל עֶס זֶענֶען פָארגֶעשְׁרִיטֶען דִי פָּארְשְׁרִיטֶער, נָאךְ מֶעהְר אַזוֹי זֶענֶען פַאנַאטִישׁ דִי אָרְטְהָאדָאכְּסֶען. אוּנ עֶס אִיז גָאר אָן אַ שִׁיעוּר דִי מַחֲלוֹקֶת וָואס עֶס אִיז שְׁטֶענְדִיג צְווִישֶׁען דִי צְוֵויי פַּארְטֵייעֶן בֶּעזוּנְדֶערֶע רַבָּנִים, שׁוֹחֲטִים, קְהִלּוֹת



אוּנ אוֹיךְ אִין דִי צַייטוּנְג אִיז שְׁטֶענְדִיג פִיעל שְׁפָּאט אוּנ שְׁטֶאךְ־וֶוערְטֶער, אַיין פַּארְטֵיי אִיבֶּער דִי צְווייטֶע, וֶועלְכֶעס שַׁאדְט נִיט בְּלוֹיז פִיר דִי אוּנְגַארִישֶׁע יוּדֶען נוּר אוֹיךְ פִיר׳ן גַאנְצֶען כְּלַל יִשְׂרָאֵל.

מִיר הָאבֶּען אָבֶּער דִי צְוֵויי פַּארְטֵייעֶן, דַאמָאלְס גָאר נִיט גֶעשַׁאדְט אִיךְ טְרַאכְט מִיר: רַייסְט אַייךְ בַּיי דִי קֶאפּ גֶעהְט מִיךְ נִיט אָן, פַארְקֶערְט זֵיי הָאבֶּען מִיר אַ גְרוֹיסֶע טוֹבָה גֶעטוּהְן.

אִיךְ הָאבּ מִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוֶועהְן: „עֶס שְׁנָארֶען פִיעל אוּם־רַב צוּוֶוערֶען, וֶועל אִיךְ שְׁנָארֶען אוּם דָאקְטָאר צוּ וֶוערִין!" בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען צוּ אַ פָּאר־שְׁרִיטְט׳סמַאן הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט „אִיךְ פָאהְר קֵיין פּ—ט שְׁטוּדִירֶען אִין סֶעמִינַאר"; בִּין אִיךְ אָבֶּער גֶעקוּמֶען צוּ אַ אָרְטְהָאדָאכְּס הָאבּ אִיךְ אִיהְם גֶעווִיזֶען דֶעם „כְּתַב" פוּנֶ׳ם רַב, אַ קִיצוּר אִיךְ הָאבּ צוּ זַאממֶען גֶעשְׁנָארֶעט בִּיז פֶּעסְט אוּנ בִּין מִיט מַזָל אַרַיין גֶעקוּמֶען אִין דִי אַפִּיקוֹרְסִישֶׁע שׁוּל.

יֶעצְט בִּין אִיךְ מִיר מוֹדֶה וּמִתְוַדֶּה אַז אִיךְ וֶועל שׁוֹין קֵיין מָאהְל אַזוֹי נִיט טוּהְן.

אַ נָע—וָונְדְנִיק.



# די מנורה.

(פריי נאך גארטמאן).

1

אין דער אלטער שטאדט פראג, ביים יודישען קהל.
איז געוועזען א רב מיט א רביצען א מאהל,
דער רבי א למדן, פולל אימעדים,
אין תורה אין חכמה, עהרליך און פרים.
שטענדיג צופריעדען מיט דעם וואס ער האט,
קיין טענות, קיין מענות, קיין מאהל צו גאטט.
אין דחקות אין דלות שטענדיג געלעבט,
נור תמיד געהאפט, תמיד געגלייבט!

2

נור ביי זיין ווייב איז תמיד פערקעהרט,
געוויזען דאס לעבען, פערביטטערט פערשטעהרט.
נור שטענדיג געקלאגט, געוויינט אויף דעם שלעכטם
פעראימערט, פערוואגעלט, קיין מלבוש, קיין רעכטם!
נור ערגער ווי תמיד פרייטאג צו נאכט,
איז זי געוועזען פערזארגט און פערטראכט.
זי האט ניט קיין וויין, קיין פיש, קיין חלה,
משמח צו זיין דעם שבת, די כלה.

3

געווארען איז נאכט, א ביטערער שמערץ
קלעמט ווי א צוואנג, פרעסט איהר דאס הערץ.



א! איז דען פון אונז אומגליקליכער ווער?!
טהוט זי א זיפץ, עס קויקעלט א טרעהר;
נור באלד האט דער רבי מונטער און פריש,
געפיהרט ביי דער האנד גלייך זי צום טיש.
צום פערגאלדעטען לייכטער, וואס איז שוין זעהר אלט,
און ווענדעט זיך צו איהר גאנץ רוהיג און קאלט:

4

הערסטו מיין לעבען! דו זיי ניט קיין נארר,
פון היינט אן פערגעס דעם דלות דעם צער.
איך מוז דיר ענדעקען דערפאר טאקע באלד
דעם סוד פון דעם לייכטער, — ער איז דאך פון גאלד!
מיר דארפען דעם אוצר פערקויפען נור מארגען,
וועסען מיר מעהר ניט קיין צרות, קיין זארגען.
תיכף אין שטוב וועט ווערען א פרייד,
בשר ודגים, און וויין מיט א קלייד!

5

ווער איז יעצט צו דער רביצען גלייך?
זי לאכט אוים דעם דלות, זי איז שוין גאר רייך!...
ווי א חלום פערשווינדען זענען די ליידען,
פערבראכט מיט דעם רבין האט זי אין פריידען.
דעם היילינען שבת, זי האט שוין קיין מורא,
זי האט זיך א לייכטער פון גאלד א מנורה!
און גלייבט אין דעם לייכטער כסדר און טראכט
און אלע שבתים פרעהליך פערבראכט!

6

און גליקליך פון דעמאלט האט זי שוין איהר וועלט
פערבראכט, אין לייכטער געגלייבט און געקוועלט.

קאַלְט בְּלִיטִיג גֶעטְרָאגֶען דֶעם מַאנְגֶעל און נויט ,
און גֶעטְהוּן הָאט אִיהְר בְּלִיק אַ שְׁמֵייכֶעל בַּיים טויט ;
און שְׁטִיל הָאט דֶער רֶבִּי דֶעמֶעלְט , דֶער חָכָם
גֶעזָאגְט אויף דֶער צְנוּעָה צְווִישֶׁען די שְׁבָחִים :
אָט דָאס הֵייסְט גֶעוֶועזֶען אַ מוּסָר בַּיים לֶעבֶּען
וָואס ס׳הֵייסְט אֱמֶת הָאפֶּען און גְלֵייבֶּען ! ...

**פ. זַאמָאשְׁטְשִׁין**





# טֶבְיֶה דֶער מִילְכִיגֶער

אַ וואוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשֶׂה , וִוי אַזוֹי טֶבְיֶה , אַ יוּד אֵיין אָרֶעמַאן , אַ מְטוּפָּל מִיט קִינְדֶער , אִיז פְּלוּצִים בֶּעגְלִיקְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ אַ מְשׁוּנָה וִוילְדֶען פַאל , וָואס אִיז כְּדַאי מֶע זָאל דָאס בֶּעשְׁרַייבֶּען אִין אַ בִּיכִיל . דֶערְצֵעהלְט פוּן טֶבְיֶהְ׳ן אַלֵיין און אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען וָוארְט בַּיי וָוארְט

דוּרְךְ

**שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם.**

(אַ לִיעבֶּען נַאַ׳ ...רְדְכַי סְפֶּעקְטָאר שֵׁיינְקְט דָאס װֶערְק – אַ מַתָּנָה – דֶער מְחַבֵּר)

## אַ בריוועל פון טביה'ן צום מחבר.

לכבוד צו מיין געליבטען טהייערען פריינד, רב שלום עליכם, גאט זאל אייך געבען געזונד און פרנסה מיט אייער ווייב־און־קינדער, איהר זאלט האבען גרויס נחת, וואו איהר וועט זיך קעהרען און ווענדען, אמן סלה!

קטנתי! בעדארף איך אייך זאגען מיט'ן לשון וואס יעקב אבינו האט געזאגט אין דער סדרה „וישלח", בשעת ער האט זיך געלאזט געהן קעגען עשו'ן להבדיל... נאר טאמער איז דאס אפשר ניט אזוי גלייך, בעט איך אייך, פאני שלום עליכם, איהר זאלט אויף מיר קיין פאראיבעל נישט האבען, איך בין א פראסטער חי וקים, איהר ווייסט אודאי מעהר פון מיר, וואס איז דא וואס צו רעדען? אין א דארף, משטיינס געזאגט, מעווערד פערגראבט, ווער האט צייט אריינקוקען אין א ספר, צו אפלערנען א פרשה חומש מיט רש"י, צו וואס? א שטיקעל גליק, עס קומט דע"י זומער, פאהרען זיך צונויף די יעהופעצער נגידים קיין בויבעריק אויף די דאטשעס, קאן מען זיך בעגעגענען אמאל מיט איין אידעלען מענשען, הארכען א גוט ווארט. איהר מעגט מיר גלויבען, אז איך דער־מאהן מיך אן יענע טאג, ווען איהר זענט געזעסען נעבען מיר אין וואלד, אויס־געהערט מיינע נארישע מעשיות, איז ביי מיר גלייך, ווי איך זאל פערדינען מי יודע וויפיל! איך ווייס ניט מיט וואס איך האב ביי אייך אזוי נושא חן געווען. איהר זאלט זיך אפגעבען מיט אזא קליין מענשיל ווי איך, מיר שרייבען ברייוויליך גאר, און לא כל שכן ארויס שטעלען מיין נאמען אין א בוך, מאכען פון מיר א גאנצען שלש־סעודות. גלייך ווי איך וואהלט דא געווען מי יודע ווער, מעג איך דאך אודאי זאגען: קטנתי!.... אמת איך בין אייך טאקי א גוטער פריינד, לאז מיר גאט העלפען א הונדערט חלק וואס איך ווינש אייך! איהר האט דאכט זיך גוט געזעהען, ווי אזוי איך האב אייך געדינט נאך אין די גוטע יאהרען, בשעת איהר זענט נאך געזעסען אויף דער גרויסער דאטשע. — געדענקט איהר? — האב איך אייך געקויפט א בהמה פאר א פופציגער, איז זי געווען א מציאה פון א גנב פינף און פופציג. אי זי איז אויפן דריטען טאג געפגרט? בין איך ניט שולדיג: למאי די אנדערע בהמה, וואס איך האב אייך געגעבען, איז אויך געפגרט?.... איהר ווייסט אליין גאנץ גוט, ווי אזוי דאס האט מיך געקריינקט; איך בין דעמאלט ארומגעגאנגען אהן א קאפ! איך ווייס? דאכט זיך פונם שאנסטען און פונם בעסטען, גאט זאל מיר אזוי העלפען און אייך אויך אם ירצה השם אויף'ן נייעם יאהר, עס זאל זיין, ווי זאגט איהר, חדש ימינו כקדם.... און מיר זאל גאט העלפען אין מיין פרנסה, איך זאל זיין געזונד מיט מיין פערדיל להבדיל, און מיינע בהמות זאלען זיך מעלקען אזוי פיל, אז איך זאל אייך קאנען דינען אויף ווייטער אויך מיט מיין קעז



און פוטער על צד היותר טוב, אייך און אלע יעהופעצער נגידים, גאט זאל זיי געבען הצלחה און פרנסה און אלדעם גוטס מיט גרויס נחת, און אייך פאר אייער טרחה, וואס איהר זענט זיך מטריח פון מיינעטוועגען און פאר דעם כבוד, וואס איהר טהוט מיר'ן דורך אייער ביכיל, זאג איך אייך נאך א מאל: קטנתי! פאר וואס קומט מיר אזא שטריימיל אז א וועלט מיט מענשען זאלען פלוצים געוואהרע ווערען אז אויף יענער זייט בויבעריק, ניט ווייט פון אנאטעווקע, געפינט זיך א יוד וואס הייסט טביה דער מילכיגער. נאר מסתמא ווייסט איהר דאך, וואס איהר טהוט, קיין שכל בעדארף איך אייך נישט לערנען, און ווי אזוי צו שרייבען ווייסט איהר שוין אליין, און ווייטער מיטן איבעריגען דארפטען פערלאזט איך מיך שוין אויף אייער „אידעלען כאראקטער", אז איהר וועט דארטען טהון אין יעהופעץ פון מיינעטוועגען אלסדינג עס זאל מיר פונם ביכיל עפיס ארויס א שטיקעל טובה צו מיין פרנסה: איך בעדארף טאקי כלעבען איצטערט נייטיג האבען: איך רעכען אם ירצה השם אין גיכען אנהויבען טראכטען מכח חתונה מאכען א טאכטער; און אז גאט וועט שיינקען, ווי זאגט איהר, דאס לעבען, איז אפשר טאקי צוויי מיט א מאל... דערוויל זייט מיר געזונד און האט א גליקליכען תמיד, ווי עס ווינשט אייך פונם גאנצען הארצען פון מיר אייער בעסטער פריינד

טביה.

יא, עיקר שכחתי! אז דאס ביכיל וועט פארטיג ווערען און איהר וועט האלטען ביי שיקען מיר עפיס געלד, זאלט איהר מוחל זיין שיקען קיין אנאטעווקע אויף'ן שוחט'ס נאמען; איך האב דארטען צוויי מאל אין ווינטער יאהרצייט: איין מאל אסין־צייט פאר „פאקראווע", און דאס אנדערע מאל ארום „נאוועגאד". — ביי איך הייסט דאס דעמאלט א שטאדט־יוד, און ווייטער גלאט אזוי ברייוויליך קאנט איהר שיקען צו מיר גלייך קיין בויבעריק אויף מיין נאמען בזה הלשון:

Передать Господину Тевелю Молочанаго Еврей.

לידליך, ווערען צעגאנגען פאר געלעכטער, שלאגען זיך אראפ פונ'ם וועג און פערבלאנזשען אפט מאל ווייטליך אין וואלד אריין... נאר מיר קעהרען זיך אום צוריק צו טביה'ן און צו זיין ערצעהלונג.

„.....על כל פנים הייסט דאס, סאיז געווען ארום שבועות צייט, שוין א מעשה פאוואלינקע פון אזוי גרויס ווי א יאהר צעהען און אפשר נאך מיט א סמיטשיק, איך בין נאך דעמאלט געווען, ווי איהר זעהט מיך אטא, גאר נישט דער וואס איצטער. טאקי דער אייגענער טביה, נאר פארט נישט דער, דהיינו וואס? א קבצן בין איך געווען, ניט פאר אייך געדאכט, און זיבען פאלעס, דאס הייסט אז מע וויל שמיסען דאס אייגענע צוריק, בין איך נאך היינט אויך ווייט פון א נגיד, נור פארט דאנקען גאט, ווי זאגט איהר, א שטיקעל בעל־הבית, א פערד־און־וועגעלע איין אייגענס, קיין עין הרע א בהמה, וואס מעלקט זיך, און די אנדערע אויף דער צייט, און א טעלעצע א היבשע, אליין אויסגעקאכעט, האב מיר ניט צו פערזינדיגען מיין פרנסה פיין בכבוד, מעפיהרט ארויס אלע טאג דאס ביסיל מילכיגס, קעז און פוטער, וואס גאט גיט, אייגענע הארעוואניע, איך ווייס? דאכט זיך איהר זעהט מעטהוט אלדעסרינג, מעזעהט, אז מע זאל זיין צופרידען איטליכער בעזונדער ווי וויט מעגליך, און מע בעגעגענט זיך מיט מענשען ברוך השם, אלע גרעסטע לייט פון יעהופעץ, מע רעדט א מאל אויס א ווארט מיט א מענשען, פיהלט מען זיך, אז מען איז אויך עפעס א שטיקעל מענש אויף דער וועלט — דעמאלט, מעגט איהר מיר גלויבען, איז צו מיר קיינער נישט גלייך, איך בין רייכער פון דעם רייכסטען גביר אין יעהופעץ! — איהר קוקט מיך אן, ווי א משוגענעם, א יא?..."

איך בעטראכט טביה'ן און מיין, אז ער איז גאר נישט אזוי משוגע, ווי איהם דאכט זיך; מעגליך, אז סאיז איהם בעסער ווי דעם רייכסטען גביר אין יעהופעץ...

טביה איז א יוד א גזונדער, א ברייטביינדיגער, א שווארצער, א האריגער, שווער צו וויסען וויפיל ער איז אלט, טראגט גרויסע שטיוויל, א פערשמאלציוועטע נאקידקע אויף א ווארעם לייביל אין דער גרעסטער היטץ, א משונה מאדנע שניפסיל אויפ' האלז, גאט ווייסט פון וואנען עס האט זיך צו איהם גענומען, מיט א ווילו קאשקעטיל אויפ'ן קאפ, וואס זיצט ווי אויף קאטאוועס און האט חשק אראפ צו שפרינגען, טביה איז תמיד אויפגעלייגט צו רעדען, האט ליב א גלייך ווערטיל, א משל, א תורה, גישט קיין איבעריגער למדן, נאר נישט קיין עם הארץ אין די קליינע אותיות.

מיט איינעם ווארט טביה איז א יוד פון די דארפסיודען, וואס עסען גוטע ווארעניקעס מיט קעז, לעבען אפ נייצניג יאהר אויף דער וועלט און ווייסען ניט פון קיין ברילען, פון קיין אריינגעשטעלטע צאהן, פון קיין מערידען און פון קיין אנדערע יודישע צרות און וועהטוגען... נאר מיר קעהרען זיך אום צוריק צו טביה'ן און צו זיין ערצעהלונג.



מקימי מעפר דל,
מאשפות ירים אביון.
ער שטעלט אויף פון דער ערד דעם אראמאן,
פונ'ם מיסט הויבט ער אויף דעם אביון....
(תהלים קי"ג. ז'.)

„......געווען איז דאס זומערלעבען ארום שבועות־צייט, דאס הייסט איך זאל אייך ניט זאגען קיין ליגען, א וואך אדער צוויי וואכען פאר שבועות, הא? און אפשר א פאר וואכען נאך שבועות...."

אזוי האט טביה אנגעהויבען צו דערצעהלען די געשיכטע, וואס ער האט מיר שוין לאנג צוגעזאגט איבערגעבען מיט אלע פישטשעווקעס, ניט פערפעהלען אפילו א האר. דאס פערד־און־וואגעלע האט ער אוועקגעשטעלט אין א זייט נעבען א בוים און אליין האט ער זיך צוגעזעצט נעבען מיר אויפן גראז אין א ווארעמען שמעקענדיגען זומערטאג, אין איינעם פון די זעלטענע, געצעהלטע טאג אין בויבעריק, ווען די „דאטשניקעס", וואס קומען צופאהרען אהער פון יעהופעץ אויף זומער „שעפען פרישע לופט", קאנען ארויס שטעקען די נאז אין דרויסען נישט מורא צוהאבען חאפען א מסוכנעם קאטארר, א מוראדיגען רעוומאטיזם, א גווארדי־אנסקי פיבער, אדער אזוי א פערקיהלונג אויף טוידט... אין אזא טאג זיצען שוין ניט די בויבעריקער „דאטשניקעס" פערשלאסען אין שטוב; ניין, זיי טראגען ארויס די גרינע טישליך אין גארטען אדער גאר אין וואלד, און דארט, אונטער דעם לויטערען שפיגעל־בלויען הימעל, אויף דער גרינער פרישע לופט — שפיעלט מען אין „ווינט", אין „אקא", אין „סטוקעלקע", אדער גאר אין „טערטיל־מערטיל", גלייך ווי ניט זי מיינט מען, ווי ניט פון זייערטוועגען האט גאט בעשאפען דעם ליבען, דעם ליכטיגען, דעם ווארעמען זומער, אזוי אז אפילו דער שיינער, דער הויכער בויבעריקער סאסנע־וואלד, וואס שטעהט אזוי יום־טוב'דיג, אין א גרינער קאפאטע, בעהאנגען מיט אסך שמעקענדיגע נאדלען, איז אויך ניט אומשטאנד אפצורייסען פון די קארטען די יעהופעצער לייט, וואס זענען געוואהנט געווארען צו „שפילען" טאג ווי נאכט זומער און ווינטער — דאס גאנצע לעבען.... אין אזא טאג קאנט איהר בעגעגענען אין וואלד אדער א קראנקען, וואס היינגט אין א „הייאמאק" (א וויגבעטיל), הוסט מיט די לעצטע כחות און וויל ניט שטארבען, אדער קליינע קינדער, וואס לארעמען און פילדערען אזוי, אז עס גליסט זיך נאר לויפען אין דער וועלט אריין, אדער בחורים און מיידליך, יונגע סטודענטליך און דערוואכ־סענע גימנאזיסטקים, וואס שפאצירען ארום פארליבטווייז, גאנץ היימיש, זינגען

בקצור, וואס זשע האב איך אייך אנגעהויבען צו דערציילען? יא, בין איך הייסט דאס דעמאלט געווען, ניט היינט געדאכט, א ביטערער ארעמאן, געשוואלען ניט פאר קיין יודען געדאכט, מיט ווייב און קינדער, דריי מאל א טאג פון הונגער, געהארעוועט ווי איין אייזעל, געשלעפט קלאצער פונ'ם וואלד און געפיהרט צום וואגזאל א פולען וואגען פאר צוויי גילדען א טאג, אי האס ניט אלע טאג, און דערמיט בעדארפט אויסהאלטען קיין עין-הרע א שטוב מיט פיקערס זאלען געזונד זיין מיט להבדיל א פערד, ווי זאגט איהר, א לעבעדיגער נפש, דארף קייען נעביך גאט די נשמה שולדיג. נאר ער איז דאך א זן ומפרנס, פיהרט, ווי זאגט איהר, זיין וועלטיל קלוג, מיט שכל, זעהט ער ווי איך מוטשע מיך דא, ווער אויסגעריסען, מאכט ער צו מיר: „דו מיינסט דאך, טביה, אז ס'איז איין עק, דער הימעל איז אויף דיר געפאלען? ניין טביה, ביזט א גרויסער נארר! אט וועסט דו זעהען, ווי אזוי, אז גאט וויל נאר, פערקערעוועט ער דעם דישעל צוריק און מאכט דיך מיט א מאל גליקליך ווי די וועלט"! עס קומט אויס ווי מיר זאגען אינ'ם „ונתנה תוקף": מי ירום ומי ישפל, מי יעני ומי יעשר — נאר וואס דען? ותשובה ותפלה וצדקה, זאגט ער, מאכען צורעכט דאס מזל — איהר פערשטעהט? א יוד בעדארף לעבען מיט אמונה און מיט בטחון, כי לעולם חסדו... עס קעהר אייך אוודאי זיין א חדוש, וואס איך ווארף אריין אפט מאל א לשון קודש ווארט? גלויבט מיר, איך בין נישט קיין אבי וועהר, ווי איהר קוקט מיך אן אטא, האבט זיך שוין גאר א דארפס יוד, משטיינס געזאגט מע קוקט נישט אן קיין בית-המדרש אחוץ ימים נוראים, פון דעסטוועגען קאנט איהר מיך טרעפען שבת ביי טאג זיצען און לערנען פרק, אדער אזוי אריינקוקען אין א ספר, שעמט זיך נישט!... נאר איך האב אייך אנגעהויבען צו דערציילען, וועל איך אייך באלד אויספיהרען, ווי אזוי גאט פיהרט מיט א מענשען; איהר וועט זעהען, אז „כל זמן שהנשמה בקרבי" טאר א יוד נישט פערליהרען קיין האפנונג, הערט א מעשה:

איך פאהר מיר אזוי זומער לעבען אין וואלד, שוין צוריק א היים, אהן די קלאצער; דער קאפ איז גוט אין דער ערד; אויפ'ן הארצען — וויסט און פינסטער; דאס פערדיל נעביך, קים וואס עס פלאנטעט מיט די פיס, חאטש האק, חאטש בראק דאס אין קרויט אריין! „קריך, זאג איך צו דעם, שונאי ציון, אין דער ערד אריין, גלייך מיט מיר! ווייס אויך וואס בעדייט א תענית אין א לאנגען זומער-טאג!"... און דא דערמאהן איך מיך, איך וועל קומען אהיים שוין שפעט, נאכט; אין שטוב איז פינסטער, חשך; די קינדערליך זאלען געזונד זיין וואלגערען זיך נאקעט און בארפיס אויף דער הוילער ערד, קוקען שוין ארויס נעביך אויפ'ן טאטען דעם שלים-מזל, טאמער האט ער גיבראכט א פריש ברייטיל און אפשר א בולקע א היים, א גאנצע טאג אין מויל נישט געהאט; און דאס ווייב, געוויינטליך א יודענע, ווארטשעט: „קינדער בעדארף איך דיר האבען און נאך זיבען דערצו? חאטש נעם גאט זאל ניט שטראפען פאר די רעד און ווערג זיי אויס, אדער ווארף



זיי אריין אין טייך אריין!" ווי מיינט איהר, עפיס גוט צו הערען אזעלכע דבורים? אפגעהארעוועט אזא טאג, קיין גאנצער ביין נישט געבליבען, דאס הארץ קלעמט, מען איז דאך ניט מעהר ווי א מענש, ווי זאגט איהר, א „בשר ודגים", מען חאפט דאס שטיקעל הערינג, גליסט זיך א גלאזעל טיי; און צו טיי, זאגט איהר, דארף מען צוקער, און צוקער, זאגט איהר, איז ביי „בראצקען"... אהן ברויט, זאגט מיין ווייב זאל לעבען, קאן מען זיך נאך בעגעהן; די קישקע וועט מוחל זיין; נאר אהן דעם גלאזיל טיי זאגט זי, בין איך אין דער פריה, זאגט זי, גאר א טויטע, ווארום דאס קינד, זאגט זי, א גאנצע נאכט ציהט פון מיר די קליי" — און אזוי ווי איהר קוקט מיך אן איז ברוך השם מיין ווייב קיין עין הרע אלע יאהר א זויגערין... פערשטעהט איהר שוין, ווי אזוי מיר איז אויפ'ן הארצען; און דא ווערד נאכט; די זון זעצט זיך; און א יוד איז מען דאך; מנחה איז טאקי, ווי זאגט איהר, ניט קיין ציג, זי וועט ניט אנטלויפען; נאר דאווענען דארף מען; מאהלט אייך דאס שיינע דאווענען, וואס קאן שוין זיין, אז מעשה שטן, פונקט בשעת שמונה עשרה צעלאזט זיך דאס פערדיל משוגענער ווייז און מען דארף נאכלויפען נאכען וואגען, איינהאלטען די לייצעס און זינגען „אלהי אברהם, אלהי יצחק ואלהי יעקב"... און דא ווי אויף צו להכעיס, גליסט זיך דווקא דאווענען געשמאק, מיט כונה, מיט הארץ, עס מאהלט זיך אויס, עס וועט ווערען גרינגער אויף דער נשמה...

בקיצור איך לויף מיר אזוי נאכען וואגען און זאג די שמונה עשרה הויך, מיט א נגון, ווי להבדיל ביים עמוד: „מכלכל חיים בחסד" — זאג איך מיר — ער טהוט טהון שפייזען די לעבעדיגע מיט גענוד — ומקים אמונתו לישני עפר — צו די וואס ליגען אין דער ערד, און באקען בייגיל... אוי, טראכט איך מיר, ליגט מען אין דער ערד זייען איילען! אלע יעהופעצער יודען זיצען אין בויבעריק אויף די דאטשעס, לעבען ווי גאט אין אדעס, באדען זיך אין שמאלץ און אין האניג; נאר איך, שלים-מזל, שלעפ מיך מיט מיין פערדיל דא איינער אליין אין וואלד. פאר וואס קומט דאס מיר? גוואלד, גאטעניו, האב רחמנות, „ראה נא בעניינו" — זאג איך — זעה, בעטראכט אונזער ארעמקייט, וריבה ריבנו, נעם זיך אן די קריוודע פון די ארעמע לייט נעביך, ווארום ווער דען וועט זיך אויף זיי ארום-קוקען, ווען ניט דו? „ברוך עלינו" — טהו בענטשען אויף אונז דאס דאזיגע יאהר מיט אלע מיני תבואות צו גוטען, עס זאל זיין א גרויס געראטע, פון קארן און פון ווייץ און פון אלסדינג, וואס א מענש בעדארף האבען! חאטש צוריק שמיסענדיג, וואס קומט מיר ארויס, צי עס וועט יא זיין א געראטה צי ניין? אשטייגער וואס קומט ארויס להבדיל מיין פערדיל, למשל, צי האבער וועט זיין טהייער, צי וואלוועל, אז עס קוקט סאי וסאי קיין האבער נישט אן אין די אויגען?... נאר גאט טאר מען ניט פרעגען קיין קשיות, ובפרט א יוד בעדארף אננעמען אלסדינג פאר גוט און זאגען „גם זו לטובה", מסתמא הייסט גאט אזוי... „ולמלשינים אל תהי תקוה" — צו די וואס טהוען שלעכטס רעדען וועט ניט זיין קיין האפנונג, ווארום ער איז א שובר אויבים ומכניע זדים — ער קאן מאכען א תל

אין איין מינוט... מע בעדארף געהן מיט איהם מיט גוטען, בעטען איהם, שרייען צו איהם: „אב הרחמן, דערבארעמיגער פאטער! שמע קולנו — הער צו, גאטעניו! חוס ורחם עלינו" — האב רחמנות, דערבארעם זיך, ווארום דו ביזט א גאט וואס האסט ליב, אז מען בעט ביי דיר, טא האב רחמנות, טאטעניו, אויף מיין ווייב און קינדערליך, ווי זענען נעביך הונגעריק!..."

אזוי זאג איך מיר, זינג און דאווען געשמאק און טרעהרען גיסען זיך פון די אויגען, ווי ערב יום כפור. פלוצים... טפררררו! מיין פערדיל האט זיך אנידער געשטעלט!

איך הויב אויף די אויגען און טהו א קוק — צוויי נפשות קומען מיר אקעגען. דער ערשטער געדאנק, מיינער איז געווען: גזלנים!... נאכדעם האב איך מיך אביסיל בערעכענט: פע'טביה, דו ביזט א שוטה! סטייטש דו פאהרסט אין וואלד שוין אזוי פיעל יאהרען ביי טאג און ביי נאכט און עס האט זיך דיר נאך קיין מאל ניט געטראפען זאלסט בעגעגענען א גזלן, צו א וואלף, צו אזוי איין אומגליק, וואס איז דיר פלוצים היינט איינגעפאלען גזלנים? וויא! מאך איך צום פערדיל. איך נעם זיך אן מיט הארץ און גיב דעם אפאר שמיצליך פון אונטען, גלייך ווי ניט מיך מיינט מען.

— רב יוד! מאכט צוא מיר איינע פון די צוויי נפשות מיט א קול פון א נקבה — שטעלט זיך אפ אויף א רגעלע, מיר וועלען אייך עפיס זאגען.

א ניט גוטער, קלעהר איך מיר און טאקי באלד זאג איך צו זיך אליין: „בהמה בצורת פערד! האסט פערגעססען אז רבי יהודה חסיד האט פערטריבען אלע שדים און רוחות, וואו דער שווארצער פעפער וואכסט? איך הויב מיך אן איינצוקוקען אין די צוויי נפשות — טאקי פארט נקבות: איינע, איין עלטערע, שוין אין די יאהרען, מיט א זיידען טיכיל אויפ'ן קאפ, און די אנדערע — א יונגערע מיט א פאריק.

— א גוטען אבענד! — מאך איך שטארק, אויף א קול, און שפיי אויס צו עלינו — וואס וועט איהר עפיס זאגען גוטס?

— אפשר ווייסט איהר זאגען זיי — וואו איז דא ערגיץ דער וועג קיין בויבעריק?

— דעם וועג קיין בויבעריק? מאך איך און צעלאך מיך כלומרשט — עס האט ביי מיר אזא פנים זאג איך, פונקט ווי איהר זאלט ביי מיר אשטייגער פרעגען, צי ווייס איך ווי אזוי איך הייס?

— וואס זשע איז דא דער געלעכטער? — מאכען זיי — מיר זענען נישט קיין היגע, מיר זענען געקומען אהער פון יעהופעץ קיין בויבעריק אויף א דאטשע. זענען מיר הייסט דאס ארויס געגאנגען אויף א מינוט אין וואלד שפאצירען; מיר דרעהען זיך שוין דא ארום פאוואליגקע פון גאנץ פריה אן און קאנען זיך בשום אופן ניט ארויפשלאגען אויפ'ן וועג. דערוויילע, זאגען זיי, האבען מיר דערהערט עמיצער זינגט אין וואלד, האבען מיר אפילו געמיינט אז ס'איז גזלנים און האבען זיך בעהאלטען אונטער א בוים; נאר אז איהר זענט צוגעפאהרען געהינטער, האבען מיר שוין דער-



זעהען, אז איהר זענט א יוד, האבען מיר אייך אפגעשטעלט א פרעג טהון, אפשר ווייסט איהר דעם וועג קיין בויבעריק?

— אויב אזוי — מאך איך — קאן איך אייך זאגען א קוראטש און שווערען ביי בארד און פאות, אז דאס איז דער אמת'ער וועג קיין בויבעריק. קיין אנדער וועג איז ניטא.

— טאקי? וואס רעדט איהר? אבער ס'איז נאך עפיס ווייט קיין בויבעריק?

— קיין בויבעריק — זאג איך — א ווערסט זעכס אדער זיבען, נישט מעהר.

— זעקס אדער זיבען?! האבען ביידע ווייבער מיט אמאל אויסגעשריגען, געבראכען די הענד און שיער ניט צעוויינט זיך פאר שרעק — סטייטש, זיבען ווערסט! ערשטענס איז שוין באלד נאכט, און צווייטענס זענען מיר שוין געבליבען אהן פיס: א ווערטעלע אזא טאג ארומגעבלאנזעט אין וואלד, חוץ א גלאזעל קאווע נאך אין מויל ניט געהאט. אפשר וואהלט געווען א סברא, איהר זאלט אונז נעמען אויפ'ן וואגען?

— וואס הייסט — זאג איך — איך זאל אייך נעמען אויפ'ן וואגען. ס'איז א משל, זאג איך, קעגען צוויי ברידער אמאל זאג איך, זענען געווען צוויי ברידער; איינער איז גיווען א קלוגער און דער אנדערער, זאג איך, האט אויך געהונקען אויף א פוס... איך פאהר, זאג איך, פון בויבעריק, און איהר, זאג איך, דארפט קיין בויבעריק!

— נו, איז וואס? — מאכען זיי — איהר ווייסט ניט וואס מע טהוט? מען פאר- קערעוועט דאס וועגעלע און מע פאהרט צוריק. זייט זיבער. מיר מיינען נישט חלילה אומזיסט. מיר וועלען אם ירצה השם, אז מיר וועלען קומען בשלום אהיים, שיין בעפרידיגען, אזוי ווי אונז שטייט אן.

שיין בעפרידיגען, אזוי ווי זיי שטעהט אן"? עפעס רעדען זיי מיר, טראכט איך מיר, פערשטעלט, נישט ווי געוויינטליך. ווער ווייסט, וואס דאס איז פאר ווייבער? אפשר איז דאס גאר ניט קיין ווייבער?... עס איז מיר ארויפגעקומען אויפ'ן זינען: מתים... מכשפות... לצים... פארשלעפטע קריינק... איך האב שוין געוואלט א געשריי טהון „שמע ישראל", ארויפחאפען זיך אויפ'ן וואגען און אנטלויפען ווי די אויגען וועלען מיך טראגען — נאר עס האט זיך ביי מיר נישט ווילענדיג ארויס געחאפט פונ'ם מויל: „קריכט אין וואגען!"... מיינע האבען זיך ניט געלאזט לאנג בעטען און זענען אריין אין וואגען אריין. איך — מארש נאך זיי אויף דער קעלני, פערקערעוועט דעם דישעל, שמיים דאס פערדיל: איינס, צוויי, דריי, פאשאל! ווער? וואס? וועמען? איין אייזערנע וואנט! פונם ארט וויל דאס ניט ריהרען, האטש נעם און צעשנייד דאס אויף צווייען! „נו, — טראכט איך מיר — איך פערשטעה שוין, וואס דאס איז פאר ווייבער"... און איך האב מיך אנגעהויבען צו דערמאהנען יענע שיינע מעשיות, ווי אזוי איינער האט געפונען אויפ'ן שליאך א זאקיל האבער, האט זיך איינגעריסען דאס געזונד, קוים ארויפגעלייגט דאס זאקיל האבער אויפ'ן וואגען. ער פאהרט אפ צוויי טריט, ער טהוט א קוק — פונם זאקיל האבער איז געווארען א האהן, פון דעם האהן — א ציג, פון דער ציג א פיפערנאטער; ער וויל דאס אנריהרען מיט דער האנד, שטעלט

דאס איהם ארויס א צונג אויף א ווערסט, טהוט אפאטש מיט די פליגעל, שרייט אויס „קוקאריקו״ און ווערד פערשוואונדען... „א שיינע מעשה נאר א קורצע״ – טראכט איך מיר און קריך אראפ דערוויילע פונ׳ם וואגען.

– פאר וואס פאהרט איהר שוין ניט? מאכען צו מיר די ווייבער.

– פאר וואס איך פאהר שוין ניט? – זאג איך – איהר זעהט דאך פאר וואס! דאס פערדיל, זאג איך, וויל ניט געהן.

– גיט דעם א שמיץ מיט דער בייטש! מאכען זיי.

– א שמיץ מיט דער בייטש? מיין פערדיל זאג איך, שרעקט זיך ניט איבער פאר קיין בייטש; ס׳איז שוין געוואהנט געווארען צו אזעלכע זאכען – זאג איך צו זיי בלומערשט מיט א ווערטיל און עס קלאפט מיר א צאהן אויף א צאהן.

– גיט דעם מיטן שטעקען! מאכען זיי – עטליכע מאל איבער די פיס, עס זאל פיהלען. אט אזוי, אט אזוי, גוט, גוט!

בקצור איך האב אויסגעלאזט מיין גאנץ ביטער הארץ צום פערדיל; איך האב דעם גוט איינגעטהיילט, אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז עס האט פארט קיים מיט צרות גערירט פונ׳ם ארט, און מיר זענען בשלום אוועק אין אונזער וועג אריין, פאהרענדיג אזוי אין וואלד, טראכט איך מיר: אוי, טביה, ביזט דו א פערד! ביזט געוועזען א קבצן און וועסט בלייבען א קבצן. סטייטש, דו האסט אזא בעגעגעניש, וואס טרעפט איין מאל אין הונדערט יאהר, ווי אזוי בעדינגסט דו זיך ניט פריהער, אז דו זאלסט וויסען מה יקר? און פאר וואס זאלסט דו טאקי ניט אפלעקען א ביינדיל, אז עס האט זיך שוין יא אזוי געמאכט? שטעל אפ דאס פערדיל, ח נארר איינער, זאג זיי ברחל בתך הנאקעטע: האב איך ביי אייך צוויי קארבען איז גוט, ווען ניט בעטען מיר אייך מחילה אראפ פונ׳ם וואגען!... יא – קלעהר איך מיר צוריק – צוויי קערבליך איז טאקי א היבשע מטבע, א גאנצער קאפיטאל. ווען זשע איז דאס געערדט געווארען? ווען איך וויים, מיט ווערען איך האב צו טהון. גיה זיי א נביא, טרעף, וואס דאס איז פאר ווייבער! איך וויל גאר ניט מאכען מיט זיי קיין איבעריגע שמיסען; איך בין געהרען, אז זיי טשעפען מיך ניט... איך חאפ אלע מאל א קוק אויף מיינע ווייבער, איך זעה: דאכט זיך ווייבער, ווי געוויינטליך, איינע מיט א זיידען טיכיל, די אנדערע מיט א פאריק. זיי זיצען און קוקען איינס אויפ׳ס אנדערע און שושקען זיך.

– נאך עפיס ווייט? – פרעגען זיי מיך אלע מינוט און טארקען מיך פון אונטען – וויפיל ווערסט האבען מיר נאך?

– אט באלד! – ענטפער איך זיי – מיר האבען דא באלד, זאג איך, א בארג אראפ; נאך דעם וועלין מיר האבען, זאג איך, א בארג ארויף. נאכדעם האבען מיר ווידער א מאל א בארג אראפ, און נאכדעם ווידער אמאל א בארג ארויף; און ערשט נאכדעם, זאג איך, וועלען מיר האבען א גרויסען בארג אראפ; און פון דארטען, זאג איך, געהט שוין גלייך דער וועג ביז בויבעריק..



בקצור, מיר זענען געקומען קיין בויבעריק.

אז מיר זענען געקומען קיין בויבעריק, רוף איך מיך אפ צו מיינע פארשווינדליך: „וואו וועט איהר זיך הייסען אשטייגער אפוואַרפען?״

– פיהרט אונז צו – זאגען זיי – גלייך אהינצו א. אויף דער גרויסער דאטשע, זעהט איהר?

– אהין? – מאך איך – ווי קומט איהר אהין? דארט זיצט דאך גאר דער גביר פון יעהופעץ?

– וואס געהט אייך אן? – זאגען זיי – ס׳איז דיר איין אקציע מיט א יודין! מסתמא אז מען זאגט אייך איז אהין... לאז זיין היינטיגס יאהר אזוי – קלעהר איך מיר – אז אייך איז ליב איז מיר ניחא, זאג איך, און פאהר אריין ברייט, מיט א ירגזון, גלייך מיטן דישעל אין גאניק אריין. מען האט אונז נאר דערזעהען, אזוי איז געווארען א ליארעם, א געפילדער, איין אנגעלויף. מען האט זיך א לאז געטאן צו אונז, – אראפגעחאפט פונ׳ם וואגען מיינע פארשווינדליך, און ס׳איז געווארען א קושעריי מיט א געדערעריי: „אוי די מאמע! די באבע! די מומע!... גוואלד, וואו זענט איהר געוועזען?... אזא טאג!... אהן קעפ געהען מיר דאך ארומעט אלע!... מיר האבען צעשיקט פאטשט אויף אלע וועגען און דערפער ארום און ארום בויבעריק!... געמיינט וועלף האבען אייך צעריסען, גזלנים בעפאלען!...״

בקצור ס׳איז געווארען אויף דער דאטשע שמחת בית השואבה, גאנץ בויבעריק האט זיך געוויגט, מען איז זיך צענויפגעקומען פון אלע דאטשעס פריינד און גוטע פריינד: „מזל טוב אייך! מזל טוב!... מיט מזל זאלט איהר לעבען!״... אייער שאדען האט זיך אפגעזיכט?... וואו? ווען? ווי אזוי?... דאנקען גאט... עפיס א יוד... געבלאנזעט, פערבלאנזעט געווארען... וואסער א יוד?... וואו האט ער זיי דערטאפט?... העט ווייט אין וואלד... קוים איינגעבעטען זיך... אליין אהן א שומר... א מעשה א מעשה!... דארפט בענטשען גומל!...״

בקצור מען האט אנגעהויבען צו טראגען סאמאוואַרען מיט בעקענס טיי און צוקער מיט איינגעמאכטס מיט פיינקובענס גוטע, מיט פוטערבולקעלעך פרישינקע, און נאכדעם עסענס אלערליי – די טהייערסטע מאכלים, ייכליך פעטע, מיט געבראטענס מיט געזעגענס אסך מיט די בעסטע ווייגען. איך בין געשטאנען פון דערווייטענס און האב דאס נאר אנגעקוקט, ווי אזוי קיין עין הרע מע עסט דאס און מע טרינקט דאס ביי די יעהופעצער נגידים, קיין בייז אויג זאל זיי ניט שאטען. „רבונו של עולם! האב איך מיר געטראכט ביי זיך אין הארצען – מיר דאכט זיך, אז וואס דא פאלט אראפ אויף דער ערד, וואהלט מיר גענוג געוועזען מיט מיין ווייב-און-קינדער אויף א גאנצער וואך ביז שבת... גוואלד גאטעניו, הארציגער געטרייהער! וואו איז דיין חסד מיט דיין גענוד וואס דו טהוסט טהון מיט אלע דיינע בעשעפעניששען, עפיס ביזט דו דאך, ווי זאגט ער, א זן ומפרנס, וואס דו שפייזט איטליכען בעזונדער?

פונם גרעסטען „וויזילטהיר" ביזן קלענסטען ווערעמל — פאר וואס זשע גיסט דו איינעם לאקעטקעס און דעם אנדערען מכות מיט בכורות? פאר וואס קומט איינעם גאר דעם אנדערען גאר ניט? און צוריק אבער בעטראכט איך מיך: „עט, ביזט א גרויסער נארר, טביה, כלעבען; וואס איז שייך, דו ווילסט איהם זאגען א דעה, ווי אזוי ער זאל פיהרען דאס וועלטיל זיינס? מסתמא, אז ער הייסט אזוי, בעדארף אזוי צו זיין. א יוד בעדארף זיין א בעל בטחון, ער בעדארף גלויבען, אז ס'איז דא א גאט אויף דער וועלט..."

— שא! וואו איז ערגיץ דער יוד? — הער איך עמיצער זאגט — מע האט זיך גאר פארגעסען אויפ'ן יודען! ער איז שוין אוועק געפאהרען דער שלים-מזל...

— חס וחלילה! רוף איך מיך אן פון דער ווייטען — וואס הייסט איך וועל אוועק פאהרען גלאט אט אזוי א?...

— א? איהר זענט נאך דא — מאכט מען צו מיר — וואסזשע שטעהט איהר דארטען אין דער פינסטער? אנו, קומט אהער לאמיר אייך חאטש אנקוקען, וואס פאר א פנים איהר האט. אפשר וועט איהר נעמען אביסיל בראנפען?

— אביסיל בראנפען? — זאג איך — אך! ווער, זאג איך, זאגט זיך דאס אפ פון אביסיל בראנפען? ובפרט, זאג איך, נאך אזא תענות, ווי איך האב היינט געהאט!... לחיים! — זאג איך און האק ארײן איין כוסה — לאז גאט געבען, זאג איך, איהר זאלט תמיד זיין רייך און האבען גרויס נחת; יודען, זאג איך, זאלען זיין יודען, זאג איך, און האק ארײן די אנדערע כוסה — גאט זאל זיי נאר געבען כח, זיי זאלען קאנען אריבערטראגען די צרות, זאג איך... און איך האב מיך דאס אביסיל צערעדט, ווי איהר קאנט זיך מעלדען, אז מען מאכט „שהכל נהיה בדברו" אויפ'ן ניכטערען הארצען און מען חזרט איבער צוויי מאל אודך... דער גאנצער עולם האט זיך ארומגעשטעלט ארום מיר. דער „גביר" אליין האט מיך אויסגעפרעגט איטליכעס ברעקיל: ווער איך בין, און ווי אזוי מען רופט מיך, און וואו איך וואהן, און צי בין איך „אבאוויבטער", און צי האב איך קינדער און וויפיל קינדער? הכלל מיר האבען זיך בעקאנט גאר גאהינט; איך האב זיי אביסיל בעקאנט געמאכט מיט מיין פרנסה און מיט אלםדינג ארום און ארום, געזאגט דערביי עטליכע משלים, אפאר תורה ווארטליך, ניט אראפ געפאלען חלילה ביי זיך אפילו אויף א האר.

— לאז מען געבען דעם יודין עפיס עסען! — האט זיך אנגערופען דער „גביר" און ס'איז באלד בעשאפען געווארען אויפ'ן טיש פון מיינעטוועגען פון כל מאמינים שהוא: פיש, און פלייש, און געבראטענס, און פערטלען עוף, און פופקעס מיט לעבערליך אהן א שעור. — געהט וואשט זיך, מאכען זיי צו מיר.

— ניין, זאג איך, דאס נישט! אביסיל בראנפען, זאג איך, מהיכי תיתי, נאר אוועק זעצען זיך דא, זאג איך, פלוצים מאכען א סעודה; בשעת דאס ווייב, זאג איך, און די קינדערליך דארטען אין דערהיים פאסטען נעביך... אויב איהר וועט



זאג איך, קיין פאראיבעל ניט האבען... בקצור, מען האט זיך אפנים געשטויסען וואס איך מיין און מען האט מיר געגוטעןן פאקען אין וואגען אריין, איטליכער וואס ער האט געקאנט: דער א בולקע, דער פלייש, דער געבראטענס דער א פערטיל עוף, דער טיי און צוקער, דער א סלאי איינגעמאכטס, דער א טעפעל שמאלץ, א ביטעלקע שנאפס — אין איין מינוט איז דאס וועגעלע געווארען פולל ווי איין אויג, איך בין נאר געשטאנען און געטראכט: רבונו של עולם! פון וואנען האט זיך דאס פלוצים געפענט אזא קוואל? וואס פאר א יום טוב וועט דאס זיין ביי מיר אין דערהיים, אז מען וועט דאס דערזעהען!

— דאס וועט איהר ברייגנען אהיים פאר אייערע ווייב און קינדער — מאכען זיי — און אצינד זאגט, וויפיל וועט איהר זיך הייסען בעצאהלען פאר אייער טרחה, וואס איהר האט זיך מטריח געווען, און וואס איהר האט מציל געווען צוויי נפשות פון א סכנה...

— ס'איז א משל, זאג איך, וואס איז שייך, זאג איך, איך זאל מיר הייסען בעצאהלען? וויפיל אייער גוטער ווילען וועט זיין, זאג איך, אזוי וועט איהר מיר בעצאהלען, און גאט, זאג איך, לאז אייך ממלא זיין בכפל כפלים, זאג איך, און איהר זאלט האבען גרויס נחת...

— ניין, זאגען זיי, רב טביה, מיר ווילען הארכען פון אייך אייער השגה, וויפיל קאנט איהר מיך הייסען בעצאהלען? האט קיין מורא ניט, איהר מעגט אייך זאגען די גרעסטע מטבע, מען וועט אייך דערפאר חלילה ניט קעפען.

וואס טהוט מען דא? — טראכט איך מיר — ס'איז שלעכט: זאל איך זאגען א קערבעל, איז איין עבירה טאמער קאן איך נעמען צוויי. זאל איך זאגען צוויי — האב איך מורא, זיי וועלען מיך אנקוקען, ווי א משוגענעם; פאר וואס קומט דא צוויי קארבען?...

— א דרייערל!!! — האט זיך ארויסגעכאפט ביי מיר פונ'ם מויל און איך האב מיך אזש איבער געשראקען פאר זיך אליין. ווי איך האב דאס נאר ארויסגערעדט, איז צווישען עולם געווארען אזא געלעכטער, אז איך האב מיך שיער אין דער ערד באגראבען.

— האט קיין פאראיבעל ניט, זאג איך, איך האב מיך ארויסגעכאפט מיט א ווארט; גלויבט מיר, זאג איך, איך האב דאס גאר אליין אזוי פיל נישט געמיינט!

עס איז געווארען נאך א גרעסערער געלעכטער; מען האט זיך פשוט געהאלטען ביי די זייטען לאכענדיג.

— לאז שוין זיין גענוג צו לאכען! — רופט זיך אן דער „גביר", נעמט ארויס פון בוזעם-קעשעני א גרויסען טייסטער, און שלעפט ארויס פינ'ם טייסטער — וויפיל מיינט איהר? — א גאנץ צעהנערל, א רויטס אזוי ווי פייער, און מאכט אזוי: אט דאס געב איך, און איהר, קינדער, גיט אייך פון אייער קעשעני וויפיל איהר ווילט אייך.

און עס האט אנגעהויבען צו פליהען אויפ'ן טיש פינפערליך און דרייערליך און קערבליך, אזוי ווי האלץ. האנד און פיס האבען מיר געציטערט; איך האב געמיינט אט פאל איך חלשות.

— נו. וואס שטעהט איהר? — מאכט צו מיר דער „גביר" — נעמט צענויף די עטליכע קערבליך פונ'ם טיש און פאהרט אייך אהיים צו אייערע ווייב-און-קינדער.

— גאט זאל אייך געבען, זאג איך, איהר זאלט פארמאגען צעהן מאל, הונדערט מאל אזוי פיל, איהר זאלט האבען אלדעס גוטס, זאג איך, מיט גרויס נחת, זאג איך, און ושעברע מיר צענויף מיט ביידע הענד דאס גאנצע געלד פונ'ם טיש — ווער געצעהלט? וואס געצעהלט? — און גלייך אין קעשעני אריין! איך בלייב שטעהן א ווײלע און הויב מיך אן צוא בעקלערען: הא? אפשר איז דאס גאר אין גאנצען א חלום? עס טרעפט דען ניט אפט מאל אמענשען חלומט זיך למשל, אז ער עסט פרישע קרעפליך מיט קעז, די גוטע בלינצים, צי צרות קניידליך מיט ווערטוטען, און פארטרינקט מיט הייסע קאווע מיט פוטער-געבעקס. און האפט זיך אויף — עס לאזט זיך אוים א טייך!... גאר ניין. איך טהו מיך אקנייפ — ס'איז נישט קיין חלום; איך זעה גאנץ גוט, אז איך בין אין בויבעריק... א פוללער וואגען מיט עבעני-ווארג:.. א פוללע קעשעני מיט געלד... ניין, ס'איז ניט קיין חלום!

— זייט געזונד. זאג איך. און האט, זאג איך, א גוטען תמיד. איהר זאלט, זאג איך, האבען גרויס נחת, וואו איהר וועט זיך קעהרען און ווענדען, זאג איך, און לאז מיך געהן. איך קום ארויס אין הויף צום וואגען, איך טהו זיך א כאפ צום פערדיל — אוי וועה, שלאק, א צרה, איין אומגליק — ניטא קיין פערדיל —

נו טביה — דו ביזט אין דער ערד! — טראכט איך מיר — אצינד פערשטעה איך שוין וואהין איך בין פערפאהרען און צו וואס פאר א חברה איך האב מיך דא אריינגע-כאפט!... און איך דערמאהן מיך זעהר א שיינע מעשה, וואס איך האב אמאל געלייענט, ווי אזוי „חברה" האבען אמאל דערטאפט אויך אין וואלד איין עהרליכען יודען. איהם פערנארט צו זיך אין פאלאץ אריין, געגעבען עסען און טרינקען, און נאכדעם זענען זיי פלוצים אלע מיט אמאל פערשווינדען געווארען, איהם איבער געלאזט איינעם אליין מיט א נקבה, און פון דער נקבה האט זיך גאר אויסגעלאזט א ווילדע חיה רעה, וואס האט איהם געוואלט אויפפרעסען לעבעדיגערהייד; דער חסיד איז אבער אויך ניט געווען קיין פראמאך, האט ער אויסגעשפיגען דריי מאל און געזאגט דעם פסוק: מכשפה לא תחיה! תחיה מכשפה לא! לא מכשפה תחיה! — איז פון דער ווילדער חיה רעה געווארען א קאץ און פון דער קאץ — א בארענבוים... אוי, טביה, זעה נאר — טראכט איך מיר — צי מע פיהרט דיך ניט אין באד אריין?...

— וואס באברעט איהר זיך אזוי לאנג און וואס ווארטשעט איהר דארטען? — פרעגט מען מיך.



— וואס איך באברע מיך? — ענטפער איך — אז אך און וועה איז מיר, זאג איך, איך האב, זאג איך, א שאדען: דאס פערדיל מיינס...

— אייער פערדיל — מאכען זיי צו מיר — איז אין שטאל. גייט זיך מטריח אין שטאל אריין.

איך קום אריין אין שטאל; איך טהו א קוק: יא. ווי איך בין א יוד, מיין בחור שטעהט צווישען די נגידישע פערד שטארק פערטיפט אינ'ם קייען, רייבט דעם האבער געשמאק, אויף וואס די וועלט שטעהט. קום, זאג איך צו איהם, חכם מיינער, שוין צייט אהיים, זאג איך, עס איז דיר טאקי. זאג איך, אוודאי זעהר גוט אט דא און היימיש, נאר מיט אמאל צוהאפען זיך זאג איך, טאר מען אויך ניט: איין איבעריגער ביסען, זאג איך, קאן אמאל שאדטען... בקצור איך האב איהם געבעטען מחילה, קוים איינגעבעטען, איינגעשפאנט איהם און האב מיך געלאזט אהיים לעבעדיג, פרייהליך, גאר בגלופין, געזונגען א גאנץ וועג פרייהליכע נגונים, ווי איינער וואס האט איינגענומען די מלחמה און פאהרט צוריק אהיים מיט פוללע קעשענים. אויך מיין פערדיל איז געווארען גאר נישט דאס פערדיל, וואס פריהער; א נייע פעל איז אויף דעם אויסגעוואקסען; עס האט שוין גאר נישט געווארט אויף קיין בייטש, געלאפען פייל אויסען בויגען דעם גאנצען וועג ווי א מזמור, און איך בין געקומען אהיים שוין שפעטליך אין דער נאכט, אויפגעוועקט מיין ווייב מיט א שמחה, א פרייד.

— א גוט יום טוב! מאך איך צו מיין ווייב — מזל טוב דיר.

— א ויסטער מזל טוב אויף דיר, א פינסטערער! — מאכט זי — וואס ביזט דו אזוי יום-טוב-דיג? דו פאהרסט פון א חתונה צי פון א ברית?

— עס איז א חתונה, זאג איך, מיט א ברית! ווארט אוים, מיין ווייב, אט וועל איך דיר באלד ווייזען, זאג איך, איין אוצר, וואס גאט האט אונז געשיקט. נאר קודם כל, זאג איך, וועק אויף די קינדער צום סדר, זאג איך, לאזען זיי נעבך אויך, זאג איך, געניסען פון די יעהופעצער מאכלים...

צי דו ביזט שכור? צי דו מאכסט זיך משוגע? צי דו ביזט טאקי פונ'ם זינען! עפים רעדסט דו גאר ווי א צעדולטער! — זאגט צו מיר מיין ווייב, און הויבט אן צושעלטען זיך, לייגען די תוכחה, ווי געוויינטליך א יודענע. אבי זי קאן נאר אויס-לאזען צום מאנן איהר ביטער הארץ.

— א יודענע בלייבט א יודענע — זאג איך צו מיין ווייב. — אז גאטט האט בעשאפען חוה'ן, זאג איך, האט ער זיך א פנים זעהר געאיילט: ער האט, זאג איך, מורא געהאט, אז אדם הראשון זאל זיך ניט אויפכאפען, זאג איך, פונ'ם שלאף, זאג איך... ווארט אוים נאך איין מינוט, זאג איך, ווער געוואהרע פריהער, וואס דער מאנן האט דיר געבראכט צופיהרען, זאג איך, וועסט דו שוין נאכדעם א ברירה האבען שעלטען זיך, זאג איך, און גיה מיר ארויס צו מיין וואגען, און טראג אריין פון דארט אלע גוטע זאכען, וואס מע האט מיר דארטען איינגעפאקט.

און שטעל דאס אלסדינג אויס אויפ'ן טיש. מיינע חברה לייט האבען דערזעהען בולקעס, דערשמעקט פלייש, פופקעס מיט לעבערליך, זענען זיי בעפאלען דעם טיש ווי די הונגעריגע וועלף גענביך, וואס האבען שוין פון א יאהר אין מויל נישט געהאט. עס איז געווארען צווישען זיי א חאפעריי מיט א געשלעג. די הענד האבען געציטערט, די צאהן האבען געארבייט — מע האט נעגעסען אויף אללע באקען. טרערען האבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען, בעטראכטענדיג מיינע קליינע הונגעריגע וועלפעליך...

— נו, זאג שוין — מאכט צו מיר דאס ווייב — ביי וועמען איז דאס געוועזען איין ארעם מאהלצייט, צי א חתונה, צי אזוי א סעודה?

— האב צייט, זאג איך, מיין ווייב, דו צעבלאז פריהער, זאג איך, דעם סאמאוואר, און נאכדעם, זאג איך, וועלען מיר זיך אנידער זעצען ווי בעלי בתים, זאג איך, ארום טיש, טרינקען, זאג איך, א גלעזעל טיי, ווי עס געהער צו זיין, זאג איך; א מענש, זאג איך, לעבט איין מאל אויף דער וועלט, זאג איך, נישט קיין צוויי מאל!...

בקצור, מיר האבען זיך געזעצט טרינקען טיי, געה איך און חאפ ארויס פון בוזעם דעם גאנצען פאק אססיגנאציעס און רוף זיך אן צו מיין ווייב.

— זעהסט דו, זאג איך, מיין ווייב, אט א דאס א? אנו, זאג איך, זיי א בריה און טרעף, וויפיל האבען מיר דא?

איך טהו א קוק אויף מיין ווייב — זי איז אויס מענש, טוידט ווי די ליים, ציטערט מיט די הענד און פיס און קאן קיין ווארט נישט אויסרעדען.

— וואס איז דיר, מיין ווייב? זאג איך; וואס האסט דו זיך, זאג איך, אזוי דערשראקען? גאטט איז מיט דיר!

— גיבער, טביה, זאג מיר, זאגט זי, וואו האסט דו דאס גענומען?... וואס האסט דו געטאן?...

— האסט אפשר מורא, זאג איך, טאמער האב איך דאס גענגבעט? אנגעפאלען, זאג איך, אין וואלד אויף א מענשען, זאג איך, געקוילעט איהם און בענומען, זאג איך, פון קאפ ביז פיס? עך, זאג איך, א יודינע בלייבט פארט א יודינע. ביזט טביה'ס ווייב, זאג איך, שוין אזוי פיל יאהר, און קענסט, זאג איך, גלויבען אויף טביה'ן, זאג איך, טביה זאל קאנען, זאג איך, זיין א גנב אדער א גזלן? פע, זאג איך, שעמען מעגסט דו זיך!

ערשט נאכדעם, אז איך האב איהר דערצעהלט די גאנצע מעשה פון אנהויב ביזן סוף, ווי אזוי גאט האט דא מיט מיר געפיהרט, און נאכדעם, אז מיר האבען ביידע אמאל דריי איבערגעצעהלט און איבערגערעכענט דאס גאנצע געלד (דארט איז פונקט זיבען און דרייסיג קארבען!), האט זיך מיין ווייב אנגערופען, אז מע זעהט ארויס בעשיינפערליך, אז טאקי נאר גאט האט עפיס אזוי געפיהרט, און זי האט זיך אויש צעוויינט פאר גרויס פרייד.



— וואס רעכענסט דו צו טהון — מאכט זי צו מיר נאכדעם — מיט אזוי פיל געלד קיין עין הרע.

— אדרבה, זאג איך, זאג דו, וואס רעכענסט דו, קאנען מיר מאכען, זאג איך, קיין עין הרע מיט אזא קאפיטאל? זאג איך — און מיר האבען זיך אוועק געזעצט ביידע קלעהרען אהין אהער, דאס, יענץ, געבראכען זיך דעם קאפ ביז טאג, אויסגערעכענט וואו ערגיץ אגעשעפט אויף דער וועלט. מיר האבען יענע נאכט איבער געהאנדעלט מיט וואס איהר ווילט; מיר האבען זיך צוגעקויפט נאך א פאר פערדליך מיט א וועגעלע א געפלאכטענס, מיר האבען געעפענט א גרויסער באקאלייניע קלייט אין בויבעריק, מיר האבען געקויפט א שטיקעל וואלד, מיר האבען געעפענט א יאטקע, מיר האבען אויסגעדונגען די אנאטעווקער טאקסע, גענומען דעם „פראיעקט", אוועק געגעבען דאס געלד אויף פראצענט...

— משוגע מיינע שונאים? — רופט זיך אן מיין ווייב — דו ווילסט צעשטערכען די עטליכע גילדען, בלייבען אהן א גראשען?

— וואס דען, זאג איך, האנדלען מיט ברויט און נאכדעם בלייבען איין אנזעצער חלילה איז שענער? קארג, זאג איך, ווערד די וועלט בדיל הדל? געה, זאג איך, הארך, וואס אין אדעס טהוט זיך!

— וואס טויג מיר, זאגט זי, אדעס? איך וועל ווייטער פון בויבעריק ניט פאהרען, זאלסט מיך גילטען!

בקצור, עס איז ביי אונז געבליבען דער פלאן מיר זאלען קויפען א בהמה, וואס עפיס א בהמה? אזוי ווי בויבעריק איז איין ארטיל, וואס עס קומען זיך צענויף אהין אויף זומער אלע יעהופעצער נגידים אויף די דאטשעס, און אזוי ווי די יעהופעצער נגידים זענען אלע איידעלע מענשען, וואס זענען געוואהנט מע זאל זיי אלסדינג בריינגען גרייט גלייך אין שטוב אריין: פון האלץ און פון פלייש און פון אייער, היהנער, ציבעלעס, פעפער און פון אלדעס גוטס, פאר וואס זאל זיך ניט געפינען איינער אזעלכער, וואס זאל זיך אינטער נעמען בריינגען זיי אל'ע טאג אין שטוב אריין קעז און פוטער פרישע און סמעטענע? וועדליג די יעהופעצער לייט האלטען, ווי זאגט איהר, פון דער אכילה, און דאס קערבעל איז ביי זיי א ממזר, קאן מען דאך לייזען געלד און ווי זאגט איהר, פערדינגען דערביי טאקי גראב, דער עיקר איז די סחורה זאל זיין סחורה, און אזא סחורה ווי ביי מיר דארפט איהר זוכען אפילו אין יעהופעץ, איך זאל האבען די ברכות וויפיל מאל גרויסע לייט, קריסטען, בעטען זיך ביי מיר, איך זאל זיי פיהרען אהיים קעז און פוטער „מיר האבען געהערט, זאגען זיי, טעוועל, אז ביי דיר קאן מען קריגען א פריש שטיקעל סחורה און חאטש דו ביזט א יוד, נאר פון דעסטוועגען ביזט דו, זאגט מען, איין ארענטליכער מאן"... גאט זאל מיר אזוי העלפען, מיר האט נאך קיינער נישט געזאגט אויף מיין סחורה קיין חסרון, זינט איך האנדעל מיט מילכיגס. ווארום מיר אז מע זאגט א חסרון, איז ערגער ווי אין טאטען אריין געשאלטען; ביי מיר איז

יע לייזען אונ ניט לייזען, ווי איהר קוקט מיך אן, אלץ איינס, אבי די סחורה איז געפעלען; דאס הייסט גלייבער איז יא לייזען איידער ניט לייזען; ווער זאגט זיך דאס אפ פון פדיון?... אונ אט אזוי ווי איהר זעהט פיהר איך מיר מיין געשעפט פון דעמאלט אן; דאנקען גאט, קיין געלד קלייבט מען ניט, נאר גאר נישט, ווי זאגט איהר, דאס שטיקעל ברויט שלעפט זיך. אי וואס? טאמער איז ניטא פון וואנען צו לעבען? נו, וואס זשע מיינט איהר — מוטשעט מען זיך טאקי איבער, ווי עס איז, ביז עס קומט דער זומער, אונ די יעהופעצער לייט פאהרען זיך צענויף אהערצו אויף די דאטשעס — בין איך מיר ווידער דער אייגענער טביה דער מילכיגער וואס פאר איאהרג זוממער, מיט גאטס הילף א בעל הבית, ווי איהר קוקט מיך אן, פון צוויי בהמות קיין עין הרע, דאס הייסט אייגענטליך וואלט איך איצטער בעדארפט האבען מיין אייגענס דריי בהמות, עס זאל זיך ניט געווען טרעפען ביי מיר דער גרויסער אומגליק מיט די קרעפליך... איך האב אייך נאך ניט דערצעהלט די מעשה מיט די קרעפליך? או־וואו, זעהר א שיינע מעשה! חלעבען, ס'איז כדאי איהר זאלט זי אויסהערען, נאר לאז שוין זיין אויף איין אנדערס מאל, ווי האלט ביי אייך דער זייגער? שוין צייט פאהרען, זייט מיר געזונד, האט א גוטען תמיד, אונ אדאנק אייך וואס איהר האט מיך אויסגעהערט ביז'ן סוף, ס'איז ביי מיר גלויבט מיר טהייערער פון אנדערהאלבען קערבליך פדיון, וואס איך האב אפשר אנגעיואהרען אין דער צייט, איך ווינש אייך, גאט זאל אייך העלפען, עס זאל אייך תמיד זיין גוט אויף'ן הארצען אונ איהר זאלט זיך תמיד קאנען אפגעבען מיט טביה!!... א גוטען!

*
*

טביה האט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד, אויסגעגלייכט די ביינער זיך אפגעזעגנט מיט מיר נאך אמאל דריי, צוגעווינשעוועט מיר אלדעס גוטס מיט גרויס נחת וואו איך וועל זיך קעהרען אונ ווענדען צוגעגאנגען צום פערדיל אונ פערבונדען מיט דעם א שטיקעל שמים, דאס פערדיל, וואס איז געשטאנען די גאנצע צייט איינגעשפאנט אין וואגען אונ געשטשיפעט גראז, האט אויפגעהויבען דעם קאפ, אויפגעשטעלט די אויהרען, געקוקט מיט אויגען, ווי א בר דעת... אין א מינוט ארום איז שוין טביה געזעסען אויפ'ן וואגען, ווי א פילאזאף, צווישען אלע טעפליך אונ קריגליך, דאס וואגעלע האט געסקריפעט אונ געקרעכצעט, דאס פערדיל האט צעלאזט די אויהרען, געהויבען פיס, זיך געטאכט גלייך ווי געגאנגען...

שלום עליכם





# בשעת מעשה אונד דערנאך.

(א בילד).

— ר' גרונם איז קראנק, ר' גרונם איז א גרויסער חולה...

— ר' גרונם איז שלאף, ר' גרונם איז א מסוכן, שלעבט מיט ר' גרונם'ען...

— וואס מאכט ר' גרונם?

— ניט פרעהליך...

— וואס זאגען דאקטוירים?

— היגע דאקטוירים! פרעג זיי בחרם די קאנאוואלעם: זיי פטרין דאך מענשען!

— וואס שוין געקומען דער פראפעסאר פון אויסלאנד?

— איהר האט זיך אויסגעשלאפען פרעגען! ער פאהרט שוין היינט אב.

— נו, וואס האט ער געזאגט?

— ער האט געהייסען ארויס גיסען אין פאמעניצע אלע רפואות פון אונזערע מאבער, ער האט זיך געווארפען צו די דאקטוירים שלאגען זיי.

— גאר! כזב ושקר; אדרבה, ער האט טאקע געזאגט: "אז דער דאקטאר עפפעלבוים איז דא ביי אייך, צו וואסזשע האט איהר באדארפט שיקען נאך מיר".

— שוטה! דו גלייכסט אפנים דעם פראפעסאר צו אונזער שטיקעל עפפעלבוים? דו ווייסט, האטש ווער איז דער פראפעסאר? ער איז דאך דעם פרייסישען קיסר'ס לייב־דאקטאר.

— ניין, דעם פרינצ'ס.

— איך האב געהערט, אז ער איז מאנטיפיארע'ס דאקטאר אונ ער איז א איוד.

— וויל מען עפעס וויסען, זאל מען פרעגען ביי א דיר; ביי א דיר איז דאך אלע פאסטען, אלע שטאפעטען.

— וואס זאגט איהר אויף איהם? איהר קאנט איהם דעם חכם? אז אך אונד אז וועה! נא דיר גאר חאצקעל! חאצקעל איז שוין אויך א לייט, דו האסט שוין פארלאטעט דיינע הויזן, צו נאך ניט?!

— ביי דיר פרעגט מען ניט, פערד, חמור, איך האב אליין געהערט פון נחמן דעם קאסיר, אז דער פראפעסאר האט אריינגעהענדיג אין שטוב געזאגט „גוט מארגען" אויף לשון־קודש.

— נו, זאג, אדרבה, מיין למדן, ווי האט ער געזאגט?

— איך ווייס ניט אקוראט ווי, אבער ער האט פארט געזאגט.

— עס מאכט כלל ניט אויס, יא, וויפיהל האט ער גענומען פאר'ן וויזיט?

— דריי טויזענד רובעל.

— משוגענער! פיר האט דאך גענומען יענער פראפעסאר, וואס פון פאריז, וואס דער איז ניט ווערט זיין פאדמיאטעק.

— דער איז א גרעסערער פראפעסאר פון יענעם; יענער מאג זיין ביי דעם א תלמיד צוואנציג יאהר, ער מאג בייא איהם די רובע הייצען.

— ווען ביזט דו געווארען אזא דאקטאר?

— ווען דו ביזט געווארען אזא שייגעץ, אזא הולטאי.

— וואס איז זיין קרענק, ר' גרונם'ס?

— אוואסער־געשווילעכץ.

— אונד גאר?

— מען זאגט א צוקער־קראנקהייט אויך.

— אח, אח! אזא גביר, אזא בעל־צדקה!

— פש־ש־ש! אזא שטיב, א שפאס וואס פון זיי געהט ארויס צדקה, — פרעג ביי גאט קשיות: אזעלכע גבירים קרענקען, אונ אפיקורסים, וואס זענען מחלל שבת, זיינען געזונד.

אזוי האט גערעדט אונד געפילדערט אהן א אויפהער אין דעם משך פון צוויי חדשים דער גאנצער ראחמיווקער המון אין בית המדרש בין מנחה למעריב, פרייטאג אין באד אויפ'ן פאל, אויפ'ן מארק, נעבען זארג־באנק פון די בעלי־מלאכות, אין אלע גאסען אונד גאסעלעך זענען געשטאנען האדלעך מענשען מאנגער אונ ווייבער אונ קינדער, אלטע אונ יונגע. מענשען פון אלע קלאסען אונ מען האט ערצאהלט די שבחים פון דעם קראנקען גביר אונ די גאנג פון זיין קראנקהייט.

— איהר ווייסט? — האט געפרעגט לאכענד פיניע באם דער שטארט־לץ — אז דער אלטער רב זאל לעבען האט שוין געטראגען היינט אין דער פריה דעם הספר צוים פרימיערקע, אונ די צוואה איז שוין אויך פארטיג.

— גאר, שוין פארטיג די צוואה, פון וואנען ווייסט דו?

— איך פון וואנען ווייס! זאגט דער וואגעל־פיהרער מיט גרויס גדלות — איך בין ביי ר' גרונם־ען דאנק גאטט, ווי איין איינענער מענש אין שטוב. איך בין היינט געווען ביי איהם אויפ'ן דאטשע.

— וואס שטעהט אין דער צוואה?

— דרייסיג טויזענד אויף ארץ ישראל, אונ...



— פערציג טויזענד — פארריכט זעליג דער יונגער מלמד — אונ ניט אויף ארץ ישראל, נאר אויף פאלעסטינא.

— אט איהר, האט אלץ ליב פארריכטען! — עקשנ'ט זיך דער וואגעל־פיהרער — דער מגיד האט דאך שבת געזאגט, אז ארץ ישראל אונ פאלעסטינא איז אלץ איינס.

— ניט אלץ איינס — ערקלעהרט זעליג דער מלמד — ארץ ישראל הייסט דאס געבען געלד אויף די אלטע פרומע יודען, וועלכע פאהרען אהין שטארבען, כדי ווארים זאלען זיי ניט עסען, אונ פאלעסטינא הייסט דאס געבען געלד אויף די יונגע חברה, אויף די קאלאניסטען, וועלכע בעארבעטען דארט די ערד.

— ר' גרונם וועט ניט געבען אויף פאלעסטינא א קאפיקע, אויף די אפיקורסים וואס רייבערען דארט אום שבת — מישט זיך אריין ר' ירחמיאל דער פרוש.

— ער האט טאקע ניט געוואלט געבען א ווייניג — ענטווערט זעליג — נאר דער זוהן דער יוריסט, וועלכער איז בייא אונז אין ראחמיווקע א פאלנאמאטשענער פון דעם אדעסער קאמיטעט האט איהם איינגערעדט.

— אויב אזוי איז טאקע אנדערש — איז מסכים ר' ירחמיאל מיט א גמרא־נגון.

— צוואנציג טויזענד רובל אויף שטאדט־זאכען — ראפאטירט ווייטער דער וואגעל־פיהרער.

— דרייסיג טויזענד! — פארריכט יונה דער וואיענער שניידער.

— צעהען טויזענד אויף ארימע קרובים.

— פופצעהען טויזענד.

*

— אוי וועה! ר' גרונם איז זעהר קראנק...

— ר' גרונם האלט שלעכט...

— ר' גרונם איז גוסס...

— ר' גרונם איז געשטארבען...

פאר טאג איז גאנץ שטאדט אוועק, גרויס אונ קליין, קינד אונד קייט, אונטער דער שטאדט צו ר' גרונם'ס דאטשע, ניט קוקענדיג אויף דעם גרויסען רעגען, וואס האט געגאסען דריי מעת־לעת כסדר, אויף די שרעקליכע בלאטעס. וואס האבען פארדעקט דעם גאנצען וועג, אלע בעלי־מלאכות האבען געלאזען די ארבייט, די עלטערע ארבייטער האבען זיך אפגעבעטען ביי די בעלי־בתים געהען אויף דער גרויסער לויה, די מלמדים האבען פריי געלאזען זייערע תלמידים, דער הויף פון דאטשע אונ דער גרויסער פלאטץ וואס ארום הויף איז געווען דורכאויס בדעקט מיט מענשען, דער רעגען האט געגאסען ווי פון אצאפען, גאר אהן רחמנות, די גבירים מיט די אינטעליגענטען זענען אריין אין דער גרויסער שטוב פונ'ם דאטשע אונ דער גאנצער עולם איז געשטאנען אין בלאטע...

— וואס פאר א רעגען ! — זאגט איינער — אז א צדיק שטארבט געהט תמיד א רעגען.

— עס איז קיין כלל ניט — ענטווערט איינער א יונגער בחור.

— אזוי זאגען אפיקורסים — צוהיצט זיך דער ערשטער.

— וואס איז ? — ווערט אין כעס דער בחור — וואס פאר א צדקות האט איהר געזעהען אין ר׳ גרונם־ען ?

— א דו שוינאץ ! וואס זאגסט די אויף איהם ? ער רעדט אויף ר׳ גרונם־ען !

— איהר ווייסט — האט זיך דער בחור מעהר צוהיטצט — איהר ווייסט, אז ר׳ גרונם האט געהאלטען אין זיינע אייזערנע לאפעס פערציג יאהר די גאנצע גובערניע, אז דער גאנצער מסחור פון מעהל איז געווען אין זיינע האנד, אז ס׳איז ניט געווען אזא קאפיטאל, ביי קיינעם מען זאל קאנען מיט איהם קאנקורירען, און אין דער גאנצער גובערניע און ביי אונז איז געווען תמיד טהייערער מעהל ווי אומעטום. זעהט וויפיהל האבען די רוסישע און די יודישע שרייבער צופויקט אין גאזעטען וועגען זיין שרעקליבע עקספלאטאציע, וועגען זיינע אבזריות מיט זיינע איינענע דיענער מיט זיינע פריקאשטשיקעס, און האבען גאר נישט אויסגעפיהרט.

— דו שוינאץ ! דו כופר בעיקר — האט זיך דער יוד אויף איהם ארופגעווארפען — אזא שקציק, אזא געדאראסטיק רעדט אויך אויף אזא מענשען, נאך אויף א טוידטען, ער וויל מען זאל איהם אבגעבען רעכענונג פון ר׳ גרונם׳ס צדקות, א גרויסער מענש זעהער, ווי לאנג קריינקסט דו, ווי מען וועט מיט דיר נאך ניט רעדען.

— שווייג, שלמה ! — בורצעט אריין אין אויער נאך א בחור דעם ערשטען — דו זעהסט ניט, אז דער עולם איז יעצט אין רציחה, אין בעוועגונג ? אין אזא צייט זידט ביי דעם המון דאס בלוט, און אויב דו וועסט נאך רעדען, וועט מען דיך אוועקטראגען אין לייעלעבער...

דער בחור איז שטיהל אבגעטראטען... אונד די שמשים האבען אנגעהויבען קלאפין מיט די פושקעס, דער עולם האט אנגעהויבען חליפען, איבערהויפט די ווייבער, און די מטה מיט דעם גאנצען עולם זענען אוועק אויפ׳ן קויטיגען שליאך צום שטאדט...

*

נאהענטער צום שטאדט זיינען צוגעשטאגען נאך פיהל מענשען, עס איז געווארען א שטארקער איינגעגעש אין די גאסען, די פאליציי האט קוים איינגעהאלטען דעם ארדנונג, אלע קראמען זיינען צוגעשלאסען געווארען, נאר איין קראמעלע האט זיך אומגעזעהן אביסיל אויפגעאפענט.

— מאך צו די קראם ! — האט געשריגען מענדעל דער פאקענטראגער, איוד מיט קאלטענעס, א צורייסענער מיט אבגעפאלענע פאראשוועס, דורך וועלכע עס זעהען



זיך ברודיגע שמאטעס מיט בלאטע. — מאך צו, נבלה, די קראם ! אז ניט וועל איך צו געהען אונד וועל דיר די ביינער איבערברעכען.

— איהר קאנט איהם צו ניין ? ! — לאכט לייבעצקע דער בעל עגלה און שטעלט ארויס אלאנגע צונג — וואס זאגט איהר אויף דער סחורה ? זיין יום טוב איז דאך היינט, ער ווערט דאך נתעשר פון דער לויה, ווי קלעהרט איהר ? טאמער האט ער געהאט גאנצע שטיוועל האט ער זיי שוין צוריסען.

דער גאנצער עולם איז אוועק צום הויף פון דער תלמוד־תורה, אין וועלכען ר׳ גרונם איז געווען דער ערשטער גבאי, אין מיט׳ן הויף איז אוועק געשטעלט געווארען אהינגקעדיגער טיש, אויף וועלכען עס איז ארויף געקראכען דער נייער מורה הוראה א דיקער יוד מיט א שטארקען קול, ער האט ארויסגעשלעפט פון קעשענע א גרויסע רויטע פאטשעלע, האט שטארק אויסגעשנייצט די נאז מיט א שברים־קול, האט א שפייגעטהון אונגערען אויף דעם בגד פון דעם צווייטען יוד, האט געגעבען א שמעק טאבאק מיט א פייף, האט זיך אשאקעלגעטהון, האט ארויפגערוקט דאס היטעל מיט דער פארשמאלצעוועטער יארמאלקע און האט אנגעהויבען מיט א גראבען קול.

— מורי ורבותי ! זייט וויסען, אז היינט האבען מיר פארלוירען א גרויסען מענשען, איינער פון די, וועלבע גאט שיקט אראב זעלטען אויף דער ערד, איהר זאלט וויסען רבותי, אז מיר אליין האבען איהם געהרג׳ת בידים, ער איז נפטר געווארען נאר פאר אונזערע גרויסע זינד, גאר איונגער, סך הכל פינף אונד זיבעציג יאהר, אז די צעדער־ביימער האבען אנגעהויבען ברענען, וואס זאלען טהון די קליינע גראזעלאך, אז דער לויתן האט זיך אריינגעהאפט אין נעטץ, וואס זאלען טהון די בלאטע־פישלאך, רבותים ! דער ארון הקדש איז געפאנגען געווארען, אונד מיר שווייגען ! וועה איז מיר אז איך וועל רעדען, און וועה איז מיר אז איך וועל ניט רעדען ! וועה איז דער שיף, וואס האט פארלוירען איהר קאפיטאן, וועה איז צו אונזערע אויגען, וואס זיי זעהען אזוינס ! איינער פון די ברידער אז שטארבט אב, דארפען זארגען אלע ברידער, דער שכר פון א הספד איז וויינען און שרייען, לאמיר באוויינען, ברידער, די שרפה וואס גאטט האט פארברענט !

נאך דריי מורה־הורא׳ס האבען באקלאגט ר׳ גרונם׳ען, און יעדערער האט אויסגעשריגען אויף זיין שטייגער די געוויסע ווארטער פון דער גמרא מיט די מדרשים, און האבען באוויזען, אז עס איז פשוט ניט כדאי צו לעבען אויף דער וועלט אהן ר׳ גרונם׳ען, אז מען דארף געהען נאך איהם אין קבר.

דער לעצטער איז ארויפגעקראכען אויפ׳ן טיש ר׳ העניך דער מופלג, איינער פון די פיהרער פון שטאדט־ועד, איוד א קראמער, וועלכער האט שטענדיג ליעב מספיד זיין אזוי ווי איינער האט ליעב דעם דאווענען פאר׳ן עמוד, און האט אנגעהויבען בזה הלשון :

— מורי ורבותי ! איך וועל אייך ניט דערצעהלען ר׳ גרונם׳ס ליעבע צו דער

תורה, זיין יראת שמים, זיין דאווענען, וואס איך זעלבסט פלעג איהם מקנא זיין, זיין לויפען צו א מצוה, זיין אויפשטעהען צו סליחות, זיין ליעבע צו אלע לומדי תורה. דאס האבען שוין דערצאהלט אונזערע רבנים זאלען געזונד זיין, איך וויל אייך נאר דערצאהלען, אלעס חבר פון דעם נפטר, זיינע גרויסע צדקות וואס ער האט געטהון אין שטאדט, די וואס מען ווייסט, און די וועלכע מען ווייסט ניט, די וואנד פון דער תלמוד-תורה, וועלכע ער האט אויפגעהאלטען, זאלען עדות זאגען פאר גאטט אויף זיינע גרויסע מעשים... און די נידריגע, האלב איינגעפאללענע שטיבלעך פון דער תלמוד-תורה טרינקען זיך אין א מבול פון וואסער, און זייערע הילצערנע וואנדלעך, וועלכע זענען באדעקט פון דרויסען מיט ליים אונד שטרוי, לאזען פון זיך געלע בלאטעס... אונד די תלמוד-תורה יונגלאך שטעהען בארפוסע און אבגעריסענע נעבען דער מטה, זייערע פנימער זענען געל ווי וואקס פון שטאנדיגען הונגער, די אויגען זענען אונטערגעשלאגען, די קאפ אראבגעבויגען, אויפ'ן צורה איז פיהל בלויע סמנים פון די קלאפ פון דעם משגיח מיט'ן גרויסען נאז, וואס שלאגט די קינדער אהן רחמנות, זיי שטעהען אונד קוקען משונה ווילד מיט זייערע ליכטיגע אייגעלאך.

שפעט פארנאכט איז דער עולם געקומען אין שטאדט הונגעריגע, פארשמוצטע פארגאסענע, צובראכענע...



עס איז אוועק דריי טאג.

— וואס, מען האט שוין אויפגעעפענט די צוואה? — פרעגט איינער.

— ניין, מען ווארט אויף דעם עלטערען זוהן, וועלכער דארף קומען פון בערלין.

— וואס איז? מען קאן ניט אויפעפענען אהן איהם? דא איז דאך דריי זוהן, מוז מען דוקא דעם פערטען?

— ווער זאל דא עפענען? די זיהן זענען דאך אלע וואהרע משוגעים; דער גאנצער קאפף איז יענער זוהן.

— דערפאר אבער וועט יענער מאכען גיך א טאלק אונד וועט ארויסגעבען אלץ, וואס ר' גרונם האט אבגעלאזען אויף דער שטאדט און אויף ארימע קרובים.

און קרובים האבען זיך אנגעהויבען שיטען ווי ארבעס פון אללע זייטען. איבערהויפט פון דעם שטאדטעל ציוואלסאם, אין וועלכער ר' גרונם איז געבארען געווארען, פיהל האבען פארמשכונ'ט די קישען פון בעט און האבען געאיילט קומען פריהער אונד אריינכאפען א גרעסערין טהייל.

— ווער ביזט דו? — פרעגט דער מיטעלער זוהן מיט א פאטענט אויף יוריסט.

— איך בין ר' גרונם'ס א קרוב, א ליכטיגען גן-עדן זאל ער האבען, אח, אח, אח! אזא צדיק, אזא קרוין!

— פון וואסער צד? — פרעגט דער יוריסט מיט אונגעדולד.



— פון דער ווייבס צד, פארשטעהט איהר מיך: מיין באבע...

— נחמן, פארשרייב! — שרייט דער יוריסט מיט כעס צום קאססיר.

— ווער ביזט דו? — א קרובה, — מיין זיידע, צו לאנגע יאהר אונז אלעמען איז גיוועזן א...

— נחמן, פארשרייב!

— וואס, ווייטער א קרובה?!

— גאט איז מיט אייך, ר' אברהם, זאלט איהר מיר געזונד זיין, איהר דערקענט מיך גאר ניט? איך האב דאך...

— נחמן, נחמן, פארשרייב!

מען האט פארשריבען, איבער הונדערט קרובים.

אויפ'ן דריטען טאג האט זיך דער „פני" אוועקגעשלעפט אויף ווייבע קארעטעס אין דאטשע מנחם אבל זיין די עלענדע יתומים מיט דער אלמנה.

געוואנליך האט מען פריהער גערעדט פון כמה ענינים, ביז מען האט גיגעבען א אנצוהערעניש. אז מען מיינט טאקע די ממתקים — די קבורה-געלד.

די יורשים האבען דערלאנגט טויזענד רובעל.

דער „פני" זענען ווי פארשטארבען געווארען.

— וואס, איהר לאכט? טויזענד רובעל?!?! אזוי שטעהט אין דער צוואה?!..

— נחמן, דערלאנג די צוואה!

— דער „פני" האט אריינגעשפארט די נאז אין אמין בריל, האט פון גרויס אימפעט גענומען די צוואה מיט'ן אונטען ארויף, האט אויסגעדרעהט צוריק אונד אריינגעקוקט...

— ניין, דאס קאן ניט זיין, דאס איז א טעות דמוכח, א וואהרער טעות, ער איז אפנים ניט גיוועזן ביים דעת... נארעשקייט, דאס וועט דאך א בלינדער אויך פארשטעהען... ר' גרונם — טויזענד רובעל... ניט דא ווער זאל לאכען...

— מעהר וועלען מיר ניט געבען א גראשען — האבען די יורשים געזאגט — מיר דארפען מקיים זיין נאר די צוואה.

בקיצור, מען איז אבגעזעסען דעם גאנצען טאג און מען האט אויסגעוויינט צוויי טויזענד רובעל...

— זעהער רעכט! — האט ר' יצחק דער ראש הועד געגריזעט דעם גאנצען וועג צוריק די חברים — איך האב געזאגט ניט דא קיין בארגען, וואס פאר א בארגען? געשטארבען דער יושר, ניטא קיין אוואזשעניע.

...עם עקש תתפתל, מיט אחזיר דארף מען זיך באגעהען ווי מיט אחזיר...

— ווער זאל זיך ריכטען אויף אזא גראבקייט — פארענטפערין זיך די טשלענעס פון ועד, נא דיה היינטיגע אריסטאקראטען: איהר וועט זעהען, אז די קינדער וועלען זיין ערגער פון דעם טאטען.

—אַ וַדַאי עֶרְגֶער! דֶער טַאטֶע הָאט חָאטְשׁ מוֹרָא גֶעהַאט פַאר גָאטט, בַּיי דֶער חֶבְרָה אִיז דָאךְ נִיט דָא נִיט גָאטט אוּנ נִיט סְאוֶועסְט.

אִין אַפָּאר טֶאג אַרוּם אִיז אָנְגֶעפָאהרֶען דֶער עֶלְטֶערֶער זוּהְן פוּן בֶּערְלִין, מֶען הָאט אִיהם דֶערְצֶאהלְט, ווִיפִיהל מֶען הָאט צוּטְהֵיילְט דִי אָרִימֶע לַייט בְּשַׁעַת דֶער לְוָיָה.

—גְלַייךְ ווִי אִין בְּלָאטֶע אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען! — הָאט עֶר זִיךְ צוּשְׁרִיֶען — מְשׁוּגָעִים! דֶער טַאטֶע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאבֶּען זֵיי זִיךְ צוּבַּייטֶעלְט! דִי קַבְּצָנִישֶׁע קִישְׁקֶעס וֶועלֶען זֵיי אָנְשְׁטָאפֶּען! קְרֵיינְק וָואלְט אִיךְ זֵיי גֶעגֶעבֶּען נִיט גֶעלְד.

—נַחְמָן, נַחְמָן! — הָאט עֶר גֶעשְׁרִיֶען אִין אֵיין קוֹל — וַוייז דֶעם בּוּךְ.

—אָט אִיז מְשׁוּגָעְנֶע בְּרוֹאִים אַבִּיסֶעל! דֶעם מַגִּיד מִיט דֶעם חַזָן פִיהְרְט מֶען אִין ־־אַרֶעטֶעס, זֵיי פָאהרֶען דָאךְ תָּמִיד, ווִי קְלֶעהְרְט אִיהר? קְרַאנְק וֶוענֶען זֵיי דִי שְׁלֶעפֶּער גֶעהֶען צוּפִּים!

אוּנְד דִי מוֹרֶה־הוֹרָאָה׳ס מִיט דִי מַגִּידִים הָאבֶּען פַאראֵיינְס גֶעקְלַאפְּט הֶסְפֵּדִים אָהְן אַ אוֹיפְהֶער אִין אַלֶע בָּתֵּי מִדְרָשִׁים: נָאךְ שִׁבְעָה, סוֹף שְׁלשִׁים, אוּנְד גְלַאט אַלֶע מָאנְטַאג אוּנ דָאנֶערְשְׁטָאג, פַאר וָואס זָאלֶען זִיךְ יוּדֶען אַבִּיסֶעל נִיט דוּרְכְוַויינֶען, בְּלוֹיז אוּמֶעטִיגֶע טֶאג, פְרוּמֶע יוּדֶען פַאסְטֶען גָאר דִי טֶאג, לְכָל הַפָּחוֹת דוּרְכְשְׁווַייצֶען גוּט, אַ וַויין טְהוּן שַׁאדֶעט קֵיין מָאהל נִיט אַ יוּדֶען, אֲפִילוּ דֶער מְשׁוּלָח פוּן דֶער וָואלָאמֶער יְשִׁיבָה, וֶועלְכֶער הָאט שׁוֹין אַרוּמְגֶעקְלִיבֶּען זַיינֶע חוֹבוֹת אִין רַאחְמִיוְוקֶע פַאר אַ גַאנְצֶען חֹדֶשׁ אוּנ אִיז גִיוֶוען אָבְּגֶעפָאהרֶען, הָאט גֶעמַאכְט פִּים צוּרִיק קֵיין רַאחְמִיוְוקֶע, צוּ מַסְפִּיד זַיין ר׳ גְרוּנָם׳ען אוּנ חַאפֶּען אַרֶעכְטֶע מַטְבֵּעַ — חְלֶעבֶּען, הָאט עֶר גֶעקְלֶעהְרְט, נִיט אַלֶע טָאג מַאכְט זִיךְ אַזַא פוֹיגִיל ווִי ר׳ גְרוּנָם. דִי מַסְפִּידִים הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט, אַז זֵיי וֶועלֶען אָבְּלֶעקֶען אַפֶּעט בֵּיינְדֶעל.

אִין אַוָואךְ אַרוּם נָאךְ דֶעם לֶעצְטֶען הֶסְפֵּד הָאט מֶען זֵיי אָבְּגֶעשִׁיקְט יֶעדֶערֶען צוּ צֶעהֶען רוּבֶּעל.

—כְּדַאי גִיוֶוען צוּ שְׁטֶעהֶען אִין רֶעגֶען אוּנְד רַייסֶען זִיךְ דִי גִידֶערִים פַאר צֶעהֶען רוּבְּלֶעס, — זָאגְט דֶער דִיקֶער מוֹרֶה־הוֹרָאָה צוּ זַיין פְּלוֹנִית־טֶע.

—אוֹיפְעֶסֶען זָאלֶען זֵיי דָאס דִי רַאזְבּוֹינִיקֶעס, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! — קְלָאגְט דִי רֶבִּיצִין — צוּ מַיין הַארְץ זָאלֶען זֵיי קוּמֶען, מֶען וַוארְט — מִיט אַמָאהל . . . אוֹיסְגֶעשְׁלָאפֶּען זִיךְ . . . צֶעהֶען רוּבְּלֶעס . . . גֶעדַארְפְט מֶעהר וַוארְטֶען . . .

אוּנְד פִיהל קְרוֹבִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעקָאנְט צוּנוֹיפְטֶעבֶּערֶען אַ פָּאר רוּבֶּעל אוֹיפְ׳ן וֶועג, הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט בְּרִיף אוֹיף רֵיין לָשׁוֹן הַקֹּדֶשׁ, וֶועלְכֶע דֶער שְׁטָאדְט־לֶעהרֶער הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען פַאר אַ הַאלְבֶּען רוּבֶּעל, מִיט מְלִיצָה אוּנ מִיט שֶׁאנֶע דְרֵיידְלַאךְ, ווִי עֶס פַּאסְט פַאר אַזוֹינֶע גְבִירִים, דִי זִינֶען פְלֶעגִין זִיטְצֶען אַרוּם טִישׁ אַלֶע, אוּנְד אֶפֶענֶען דִי בְּרִיף.

—וָואס, עֶס וֶועט זִיךְ גָאר נִיט אוֹיסְנֶעהְמֶען קֵיין קְרוֹבִים? — פְרֶעגְט דֶער ־־בְמִיטֶערֶער זוּהְן פוּן בֶּערְלִין.

—וָואס אַרְט דִיךְ? בַּארוּהִיגְט אִיהם דֶער יוּרִיסְט — זָאל נַחְמָן שְׁרַייבֶּען.



—זָאל עֶר טַאקֶע שְׁרַייבֶּען — זָאגְט זַיין חֵלֶק נֹחַ דֶער מְשׁוּגָעְנֶער, אוֹיךְ ר׳ גְרוּנָם׳ס אַ זִינְן, אוּנ אַלֶע הָאבֶּען אָן גֶעשְׁרִיֶען אִין אֵיין קוֹל!

—נַחְמָן, נַחְמָן, פַארְשְׁרַייבּ!

—אוּנ נַחְמָן נֶעמְט דָאס בּוּךְ, שְׁרַייבְּט אַרַיין דִי נַייֶע קְרוֹבִים אוּנְד קְלֶערְט זִיךְ: „עֶס וֶועט זֵיי אַלֶעמֶען אָנְקוּמֶען אַסַךְ, זֵיי מֶעגֶען וַוארְטֶען!“

דֶער מַשְׁגִּיחַ פוּן תַּלְמוּד־תּוֹרָה מִיטְ׳ן גְרוֹיסֶען נָאז, וֶועלְכֶער הָאט צוּ דֶער לְוָיָה צוּרִיסֶען זַיין גָארְגֶעל שְׁרַייֶענְדִיג: „צֶדֶק לְפָנָיו יְהַלֵּךְ“ אוּנ הָאט אוֹיךְ אוֹיסְגֶעקְוֶועטְשְׁט מִיט דִי לֶעצְטֶע כּחוֹת אַ „אֵל מָלֵא רַחֲמִים“ מִיט אַ קוֹל טַאקֶע ווִי פַאר אַ גְבִיר, אִיז אַרוֹיף צוּ דִי יוֹרְשִׁים בֶּעטֶען גֶעלְד אוֹיף דֶער תַּלְמוּד־תּוֹרָה. צוּם אוּנְגְלִיק אִיז עֶר אַרַיין פְרִיהֶער צוּ נֹחַ דֶעם מְשׁוּגָעְנֶעם.

—וָואס דַארְפְסְט דוּ? — הָאט עֶר אוֹיסְגֶעשְׁרִיֶען פְלוּצְלוּנְג, אֵיידֶער דֶער מַשְׁגִּיחַ הָאט אוֹיסְפֵייֶעט זָאגֶען „גוּט מָארְגֶען“.

—אַגוּטֶער מָארְגֶען אַייךְ, ר׳ נֹחַ, אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען . . .

—וָואסֶער מָארְגֶען? וָואס גֶעקוּמֶען? וֶוער הָאט דִיךְ גֶערוּפֶען? . . מַארְשׁ, דוּ וֶועסְט נִיט לַייזֶען . . .

—גָאטט אִיז מִיט אַייךְ, ר׳ נֹחַ. וָואס אִיז אַייךְ גֶעשֶׁעהֶען! דֶעם עֶרְשְׁטֶען מָאהל דֶען זֶעהט אִיהר מִיךְ? דַאנְק גָאט שׁוֹין צְווַאנְצִיג יָאהר אַז אִיךְ . . .

—וָואס דַארְפְסְט דִי דָא! — הָאט זִיךְ נֹחַ וַוייטֶער אַרוֹיפְגֶעוָוארְפֶען אוֹיף אִיהם אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען טוּפֶּען מִיט דִי פִּיס. — גַנָבִים! אִיהר הָאט דֶעם טַאטֶען פַאר־מִיטְשֶׁעט מִיט אַייֶערֶע צְדָקוֹת, עֶר אִיז דוּרְךְ אַייךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַרוֹיס פוּן דַאנֶען! דַיין פוּס זָאל דָא נִיט זַיין, אִיךְ גִיבּ נִיט קֵיין צְדָקוֹת, אֲפִילוּ אַנ . . . . אוֹיךְ נִיט.

עֶר הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט אַוֶועקְגֶעהֶען אַזוֹי אַהֵיים, אוּנ עֶר אִיז אַרַיין צוּם יוּרִיסְט נָאךְ גֶעלְד אוֹיף תַּלְמוּד־תּוֹרָה,

—מִיר הָאבֶּען נָאךְ נִיט צוּטְהֵיילְט צְווִישֶׁען זִיךְ דָאס גֶעלְד, קָאנֶען מִיר דֶער־וַוייל נִיט גֶעבֶּען.

—וֶוען וֶועט אִיהר זִיךְ צוּטְהֵיילֶען?

—דָאס אִיז שׁוֹין, זֶעהט אִיהר, גְרָאד נִיט אַייֶער דַאֲגָה; גֶעוֶואהְנְלִיךְ וֶועט מֶען אַייךְ דַאן אַ קְלָאהרֶע יְדִיעָה גֶעבֶּען, אִיהר מֶעגְט שְׁלָאפֶען רוּהִיג.

אִין אַ צְווֵיי, דְרַיי חֳדָשִׁים אַרוּם הָאבֶּען דִי קְרוֹבִים גֶעוואוּסְט, אַז פִיר גֶעלְד וֶועט מֶען זֵיי אוֹיךְ נִיט גֶעבֶּען, וָוארוּם דֶער קָרוֹב דֶער גְבִיר, ר׳ גְרוּנָם הָאט אוֹיף קְרוֹבִים נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט.

בִּיסְלֶעכְוַויים הָאט דִי וָואלְוֶועלֶע קִיךְ, דֶער רֶעמֶעסְלִיעֶנֶער פָאנְד, דֶער גָארְטֶען, ווּאוּ דִי יוּדִישֶׁע קִינְדֶער אַרְבֶּעטֶען עֶרְד — אַלֶע חֶבְרוֹת הָאבֶּען דֶערְוואוּסְט, וָואס עֶס שְׁטֶעהט אִין דֶער צַוָאָה . . .

—אַ גֶעוַואלְד! — הָאט דֶער עוֹלָם גֶעזָאגְט — ווִי הָאבֶּען דָאס דִי רַבָּנִים פַארְקוֹיפְט דֶעם צוּנְג פַאר גֶעלְד אוּנ גֶעלוֹיבְּט אַזוֹי פִיהל אַזַא רָשָׁע, אַזַא טִיטוּס!

– זייט זיי ניט חושד – האבען אנדערע געענטפערט – זיי האבען געבאך אויך אומזיסט געהאפט: זיי האבען אויך מכות.

– ווי אזוי אבער נארט מען אב אזוי א וועלט, וואס איז דען א עולם א גולם?

– וואס דען מיינט איהר איז דער עולם? אז מען לאזט זיך נארען – נארט מען, נאך ווי!

– פאר וואס אבער האט מען געמאכט אזא פאראד צו דער לויה?

– וואס איז דאס פאר א נייעס? אלע מאהל איז אזוי: בשעת מעשה צוהיטצט מען זיך, און דערנאך חאפט מען זיך...

א צווילינג.

---



# דער בעל שם טוב

## א היסטארישער ראמאן פון 18-טען יאהר הונדערט

פון

## מ. ספעקטאר

## הקדמה

ווייל מיין ווערק איז געשריעבען אין דעם פראסטען יודישען לשון וואס גרויס און קליין קענען לייענען און פארשטעהן און כדי די לעזער זאלען זיך חו״ש ניט טועה זיין אין דעם צוועק פון דעם ווערק, שרייב איך די דאזיגע הקדמה:

צו שרייבען א היסטארישען ווערק פון בעל שם טוב׳ס צייט האב איך בדעה געהאט נאך מיט יאהרען צוריק און האב שוין לאנג וועגען דעם מודיע געווען און צו מיין גרויס וואונדער, באלד נאך דער ערשטער מודעה האב איך בעקומען איינינע בריעף פון בעקאנטע און אונבעקאנטע אין וועלכע זיי פרעגען מיך: „וואס הייסט און ווי אזוי קען איך זיך ערלויבען שרייבען א ראמאן פון אזא היילינען מענשען און ניט אנדערש אז איך וויל חו״ש זיך ווארטלען וועגען אללעם וואס עס איז געשריעבען אין די פערשידענע ספרים וועגען בעל שם טוב ז״ל״. אויסער די עטליכע בריעף זענען געקומען צו מיר א פאר חסידים מיך אויספרעגען „וואס מיין איך און וואס וויל איך פון דעם בעל שם״. דארום בין איך מחויב צו מודיע זיין אין מיין הקדמה אז דעם ראמאן שרייב איך נאר דער פאר ווייל דער בעל שם טוב ז״ל איז טאקי באמת א גרויסער מאנן און בכלל א וועלטענער בענאבטער מענש, ובפרט נאך אין דער פינסטערער צייט אין וועלכע ער האט געלעבט איז דער בעש״ט ז״ל געוועזען א ליכטינער שטערען מיט פיעל ליעבע און ווארעמקייט צו אללע מענשען און צו אללע נאטטס בעשעפענישען בכלל און צו יודען – זיינע אומגליקליכע ברידער, בפרט.

ניט חו״ש זיך ווארטלען בין איך דא געקומען נאר פארקערט צו ווייזען ווי ווייניג מיר ווייסען צו שעטצען דעם גרויסען מענשען ווי דער בעל שם טוב ז״ל איז געווען במעט מיי

גאנץ ווערק וועגען בעל שם איז געגרינדעט טאקי אויף די „הייליגע ספרים" און וועלכע עס ווערט דערצאהלט וועגען איהם. נאטירליך אויסער די פאנטאזיע וואס טראגט אריבער אין יענער צייט און וועלכע די העלדען פון דעם ראמאן האבען געלעבט.

ווער ווייסט ניט אז יעדע ארבייט מוז מעהר אדער ווייניגער פעהלער האבען, איך בין פון די פעהלער אין מיין ארבייט אויך ניט געזיכערט, נאר פון דעסטוועגען בין איך אין מיין איצטיגער ארבייט פעסט, דאס פעסטקייט האב איך ניט אזוי פיעל צו פערדאנקען די אלע פערשידענע ספרים כמעט די גאנצע ליטעראטור וואס געפינט זיך ביז יעצט אין פערשידענע שפראכען מיט וועלכע איך האב אויספיהרליך זיך בעקאנט נאר פיעל מעהר האב איך צו פערדאנקען דאס וואס איך בין געבוירען און געלעבט יאהרען לאנג אין דעם געגענד וואו דער בעש"ט איז געבוירען און זיינע אלע יאהרען פארבראכט און בין געוואקסען אין אזא הויז, צווישען אזא געזעלל-שאפט וואס דאכט זיך קיין טאג איז ניט אוועקגעגאנגען אז איך זאל צו הויז, אין בית המדרש אדער אין חדר ניט הערען קיין שאנע וואונדערליכע מעשות פון הצדיק ר' ישראל בעל שם טוב ז"ל און מיר, קינדער, האבען דעם דאזיגען זעלטענעם מענשען פיעל מעהר ליעב געהאט ווי אלע אנדערע אסך הייליגע און צדיקים. פון וועלכע מען פלעגט אונז אויך דערצעהלען, און יעדער פון אונז, חדר יונגלעך, און נאכהער „בית המדרש קינדער" האבען זיך שטענדיג געוואונשען צו זיין אזוי ווי דער בעל שם; מיר האבען איהם אזוי גוט געקענט גלייך ווי ער האט געלעבט מיט אונז צוזאממען און מיר האבען איהם אזוי שטארק ליעב געהאט פונקט ווי דער בעל שם האט ליעב געהאט קינדער און זיי אבגעהיט פון אלעס בעזו און שלעכטעס וואס פלעגען שרעקען און מיטשען אונשולדיגע יודישע קינדער אומזיסט און אומנישט...

צו דעם אלעמען האב איך עטליכע פון מיינע בעסטע יאהרען פארבראכט אין דער שטאדט מעזיבוז (מעדזשיבאזש) וואו דער בעל שם האט געלעבט און נפטר געווארען.

אין דער שטאדט, ווער שמועסט נאך אין „בעל שם'ס קלויז" וואס געפינט זיך דארט עד היום, קען מען יעדען נאכען דאווענען הערען וועגען בעל שם מעשות ווי גלייך ער דאווענט נאך איצט אויך אין קלויז – אט דארט אין ווינקעל פונקט ווי מיט הונדערט יאהר צוריק.

דאס אלעס האט מיר געגעבען שטאף איך זאל שרייבען דעם ראמאן פון דעם בעל שם'ס לעבען און פון זיין צייט.

דער ראמאן וועט האלטען בערך 15-20 דרוק בויגען און וועט געענדיגט ווערען אין פיפטען אדער אין זעקסטען באנד „הויז-פריינד".

דער מחבר



## I.

## פערשפיעלט זיך.

— וואו איז אונזער קוה? האט חנהלע פלוצים זיך אליין געפרעגט דערשראקען און האט זיך אנגעהויבען ארומקוקען ווי גלייך זי האט זיך אויפגעכאפט פון א זיסען שלאף מיט גוטע חלומות, נאר ווען זי האט ארום זיך קיינעם ניט געזעהן, ניט איהר קוה און ניט די גאנצע טשערעדע מיט אלע איהרע אנדערע חברטעס וואס האבען אויך אכטונג געגעבען ווי עס פאסען זיך די בהמות, ציגען און קעלבלעך, האט זי זיך אזוי דערשראקען פרעגענדיג זיך זעלבסט „וואו איז איהר קוה" אז פון איהרע קליינע ווייסע, כמעט קינדערשע הענדליך איז ארויס געפאלען דער גאנצער פאק בלומען און גראזליך פון פערשידענע קאליערען וואס זי האט די גאנצע צייט, ווען איהר קוה האט זיך געפאסעט, אויסגעריסען פון פערשידענע ערטער, פון קליינע בערגליך און פון טאהלען.

— דאכט זיך ניט לאנג איז דא געוועזען די גאנצע טשערעדע און אלע זענען דא געוועזען, איך האב נור פון דער ווייטענס דערזעהן בליסקעווען אזא שאנע רויז, בין איך צו געלאפען זי אויסרייסען, איך האב נאך דארט ווייטער געפונען און האב אנגעריסען פוללע הענד, און איצט איז שוין קיינער ניט דא!... האט חנהלע ווייטער צו זיך גערעדט און טרעהרען האבען זיך געשטעלט אין איהרע שווארצע גרויסע אויגען.

זי האט נאך ניט געוואוסט וואס פאר א גרויסע קראפט עס ליגט אין ליעב האבען ד. ה. ווען מען האט עפעס שטארק ליעב. חנהלע האט מיט איהר גאנץ יונג הארצעלע ליעב געהאט רייסען ראזען און שאנע קאלירטע גראזליך, זי האט געקענט ארומשפרינגען איבער דעם פעלד שטונדען לאנג, אבלויפען ווערסטען ווייט און זי איז ניט מיהעד געווארען, און עס האט זיך איהר אלץ אויסגעוויזען אז „נור וואס", „ערשט ניט לאנג" האט זי אנגעהויבען רייסען. וויא דער שטייגער איז ווען מען פארברייננגט מיט א זאך וואס מען האט ליעב איז יעדע שעה א מינוט און מען ווערט קיין מאהל ניט מיהעד פארנעמענדיג זיך דער מיט.

אזוי איז היינטיגען טאג מיט חנהלען אויך פארגעקוממען:

ווי יעדען טאג נאך מיטטאג, האט איצט אויך די מוטטער געהייסען ארויס טרייבען די קוה אין טשערעדע, אינטער דער שטאדט און חנהלע זאל אכטונג געבען אז די קוה

פאסענדיג זיך, זאל ח"ו ניט ארויף אויף די פריצישע פעלדער, מען זאל זיא ניט פאר־געמען אין פריצישען הויף און נאכהער זאל קאסטען צרות מיט געלד, איידער מען זאל די קוה אבגעבען צוריק. מיט געלד האט מען זיך גיקענט העלפען ביי א גוטען פריץ און ביי א שלעכטען פריץ האט מען די פארנעמענע קוה אין גאנצען צו גענומען אדער געקוילעט און אפשר האט זיך אויך געמאכט ווען א יודישע בהמה האט צו טרעטען דעם פריץ'ס פעלדער האט מען דעם בעל בית פון דער בהמה געשמיסען פאר דעם הויף.

חנהלע האט זעהר ליעב געהאט צו טרייבען די קוה אין טשערעדע ד. ה. זי האט ליעב געהאט צו זיין דארטען אויף דעם פעלר וואו די קוה פאסעט זיך, עס איז דארט געווען פרעהליך, דארט האט זי שטענדיג געפונען איהרע חברטעס, מען האט געריסען בלומען, קנייטען און אנדערע גראזען, און בכלל האט חנהלע ליעב געהאט דאס שאנע פארוואקסענע פרייע פעלד מיט דעם לויטערען בלאהען הימעל וואו אלעס איז אזוי שאן גוט און פריי.

ווי יעדען טאג האט זי היינט אויך געלאזט די קוה פאסען און אליין געלעגען אויפען גראז גערעדט מיט איהרע חברטעס און ווי דיא מאמע האט איהר אנגע־זאגט, אכטונג צוגעבען אויף דער קוה. פלוצים האט זי פון דער ווייטענס אויף א קליין בארגעל דערזעהן בליסקעווען עטליכע פאר ווייסע און רויטע קאפליך פון ראזען און בלומען, און מיט א גרויסען קוויטש פון קינדערשע שמחה האט זי פון איהר ארט א שפרינג געטהון און אנגעהויבען לויפען. גלייך מיט איהר זענען אלע איהרע חברטעס ווי א סטאיע פייגעלעך זיך צולאפען מיט א געקוויטשעריי און מיט שמחה אין פערשידענע ארטער.

— אוי, האט איינע געשריגען פון דער ווייטענס צו איהר חברטע, אט האב איך אויסגעריסען אזא שאנע שמעקענדיגע רויז... אוי אט איז נאך איינע!... האט די זעלבע ווייטער געשריגען מיט גרויס פרייד און ווידער געשפרינגען אויף א אנדער ארט...

— און איך האב שוין פוללע האנד, האט א צווייטע געשריגען.

— אוי, אוי, אזוי פיעל בלומעלעך איז דא אנצוריסען — אזעלכע שאנינקע!... קוויטשעט א דריטטע און עטליכע מיידעלעך לויפען צו דעם גליקליכען ארט, נאר זי שרייט אויף זיי און טרייבט זיי.

— א וועקט פון מיין ארט, איך האב מיר אליין געפינען... עס איז מיין ארט... איך טשעפע אייערע ערטער? געהט איך!... זיכט אייך ערגיץ אנדערש, הערט זי ניט אויף צו שרייען און טרייבען, שטארק וועלענדיג מיט איהרע האנדטליך ארומנעהמען האטש א דעסאטין ערד וואו איהר ווייזט זיך אויס אז עס קער זיין פולל מיט בלומען. איהרע חברטעס האבען געזעהן אז עס איז גאר ניט אזוי די מעשה ווי זי בערימט זיך און אז אויף זייערע און אויך אנדערע ערטער וואקסען ניט ווינציגער, זענען זיך צוריק צולאפען אין פערשידענע ערטער לאבענדיג פון דער בעריהמערען.



חנהלע האט זיך אבער היינט אזוי פארשפיעלט און פארטראכט אין איהר ארבייט, אז זיא האט גאר ניט געהערט די געפילדערען מיט די געשרייען פון איהרע חברטעס, און ווי א פייגעלע וואס שפרינגט פון איין ארט אויף דעם אנדערען ווי זי דערזעהט נאר א קערענדיל אויף צו פיקען אזוי איז חנהלע די גאנצע צייט אליין בע־זונדער אין א זייט געשפרינגען פון איין ארט אויף דעם אנדערען וואו זי האט נאר דערזעהן בליסקעווען א קאפעלע פון א רויז אדער א קולירט גראזעלע און זיך אזוי פאר־טיעפט אין איהרע געדאנקען אז ווען זי האט שוין געהאט אנגעריסען א פולען פאדעלעק מיט פוללע האנד און האט זיך אומגעקוקט האט זי שוין קיינעם ניט געזעהן, ניט קיין טשערעדע, ניט קיין חברטעס און אפילו ניט דאס בעקאנטע פעלד וואו עס פאסעט זיך שטענדיג די טשערעדע, עפעס א נייע פעלד! — אט פון דער זייט איז א זעלבע גרויסע בארג וואס זי זעהט דאס ערשטע מאהל און אט ניט ווייט עפעס איז א שווארצער וואלד.

חנהלע, אזוי שפרינגענדיג נאך די רויזען עטליכע שטונדען, איז פערבלאנדזעט גע־ווארען, אין אזא ווייט ווינקעל וואו זי איז נאך קיין מאהל ניט געווען.

זי איז א ביסעל געשטאנען אויף איין ארט ווי פארשטיינערט פון שרעק, נאר פלוצים האט זי מיט א גרויס געוויין אנגעהויבען לויפען, ווי א היין? האט זי אליין ניט געוואוסט.

ווען זיא זאל געווען זיך לאזען אין דער זייט ווי עס ענדיגט זיך דער וואלד, דער נאך נאך א ביסעל צוריק פון דער צווייטער זייט וואלד, וואלט זי באלד דערזעהן דאס בעקאנטע פעלד וואו די טשערעדע פאסעט זיך שטענדיג און אויך וואלט זי געזעהן פון דער ווייטענס דאס שטאדטיל קיטוב מיט די א סך קליינע נידריגע שטיבלעך געדעקט מיט שטרוי און שינדלען, נור ווי דער שטייגער איז ווען איינער בלאנדזעט, בלאנדזעט ער נאך ווייטער פון דעם ארט וואס מען זוכט, חנהלען האט זיך אלץ אויסגעוויזען אז נאר דארט געבען די גרויסע שפיציגע בארג וואס האבען געקוקט אויף איהר פון דער ווייטענס, אט דארט אדער ניט ווייט פון דארט — פון יענער זייט בארג וואלט זי דערזעהן די א סך בעקאנטע שטיבלעך פון איהר שטאדטיל וואס איז אויך אויסגעשיט אויף ניט קיין גרויסען בארג, זי איז אלץ אבער געלאפען ווייטער פון וואלד און נאהענטער צו די גרויסע בארג ד. ה. וואס ווייטער האט זי אלץ מעהר גע־בלאנדזעט און געבלאנדזעט.

א סך לויפען האט זי אבער קיין כח געהאט, זי איז באלד מיהעד געווארען, אנגעהויבען פאוואליע געהן, שלעפען אונטער זיך די פיסלעך, און נאכהער ניט וועלענדיג זיך נאר א נידער געזעצט אויף דעם גראז, נאר וויינען און חליפען האט זי ניט אויפגעהערט, וואס ווייטער שטילער און שטילער.

די זונן האט זיך נאך אין גאנצען ניט געזעצט, פון איינינע ערטער אויף דעם פעלד איז די זונן שוין אוועק געגאנגען און איינינע האבען נאך געגילדעט, נאר חנהלע

האט מעהר געקוקט אויף די שפיצען פון די בערג, וועלכע האבען געפלאקערט אין טויזענטער פערשיעדענע פייערדיגע קאליערען פון דער זעטצינדיגער זונן, נאך פייערדיגער זענען געוועזען די בארג אויף וועלכע עס האט געוואקסען בוימער, אללערליי קאליערען האבען זיך אללע מאהל געביטען און נאכהער האבען זיי זיך צוזאמען געגאסען מיט די טויזענטער פייערדיגע פאסען וואס האבען געברענט אין עק הימעל.

זיצענדיג אזוי מיהעד אויף דעם גראז האט זיך חנהלען אויסגעוויזען אז דער דאזיגער שרעקליכער גרויסער קאלעך-אויבען מיט די מיליאנען קאליערען פייערען דיקען זיך צו איהר נאהענטער און נאהענטער און אט באלד וועט זי דארטען אריין פאלען... מען וועט זי איינשלינגען. אט קוקט זי ווידער אין דער צווייטער זייט אויף דעם וואלד וועלכער ווערט אלע מאהל טונקעלער און טונקעלער און פלוצים האפט זיך אויף פאר שרעק, זי האט זיך דער מאנט אז אין א וואלד געפינען זיך גזלנים, אויך געפינען זיך אין יעדען וואלד „א וואלקולאק" וואס אין דער האלבער נאכט וועהן די האנער קרייען געהט ער ארויס פון וואלד אין שטאדטיל און וואו ער באגעגענט קינדער שרעקט ער זיי. איין שרעק בריינגט די צווייטע: באלד האט זי זיך דער מאנט אין די אלע שרעקליכע מעשות פון די גזלנים אז זיי וועלען באלד אויך ארויס פון וואלד און אנפאלען אויף איהר, און אלע שרעקליכע מעשות פון שדים און רוחות וואס זי האט זיך נאר אנגעהערט אין דער היים פון אלטע יודען און ווייבער האט זיך חנה'לען איצט דערמאנט, א קאלטער שווייס האט זי אנגעהויבען באדעקען פון גרויס פחד, זי פיהלט זיך ניט בכח ווייטער זיך צו שלעפען, די פיסלעך האקען איהר, און דא איז אזוי אומעטום שטיל, מען הערט ניט און מען זעהט קיינעם ניט. און פון דעם שטילקייט אליין האט זיך חנה'לע וואס ווייטער מעהר געשראקען.

## II.

## דאס יונגע מלאך־ל.

אין דעם גרויסען שטילקייט האט חנה'לע פלוצים דער הערט א קול, פאר וועלכען זי האט זיך אין אנהויב נאך מעהר דער שראקען, נאר ווען זי האט זיך מעהר צו געהערט האט זי זיך ווינציגער אנגעהויבען שרעקען. דאס קול שרייט ניט נאר עס זינגט מיט אזא ניגון ווי א יוד זינגט ביים דאווענען, די יודישע טרויריגע, הארצרייסידיגע נור זיסע ליעבע נגונים איז חנה'לען פון לאנג גוט בעקאנט און זי האט זיי שטענדיג זעהר ליעב צו הערען, און פלעגט צו ליעב דעם אפט געהן שבת צו דער שוהל שטעהן ביי די שוהל-פענסטער און הערען ביז איהר פאטער איז געגאנגען פון שוהל א היים. און דאנן ווען איהר ברודער קומט צו פאהרען צו זיי א מאהל צו גאסט זינגט ער אויך אזוי שאן ביים טיש און ביים בענטשען נאך דעם עסען, אז עס איז א מחיה צו הערען.



דאס שאנע זינגען האט זיך געהערט פון די נאהענטע גרויסע בארג, דאס זיסע קלינגענדיג קול האט זיך אללע מינוט צו גאסען צווישען די בארג און עטליכע ווידער קול'ן האבען באלד ווי עטליכע משוררים געענטפערט מיט די זעלבע נגונים, און דאס אללעס איז חנה'לען זיך צו גאסען און צו גאנגען אויף דעם הארץ אזוי זיס אזוי גוט אז זי האט מינוטען ווייז פארגעסען איהר אומגליקליכע לאגע.

גלויבענדיג אז דאס זינגען איז פון יודען, אדער פון גאטס גוטע מלאכים, דארט אין עק הימעל* וואו עס ברענט און פלאקערט אזוי שאן, האט זיך חנה'לע מיט די אלע קרעפטען געלאזט לויפען נאהענטער צו די בארג און אנגעהויבען מיט געוויין שרעקליך שרייען, געוואלדעווען, און בעטען גאט ער זאל איהר צו שיקען זיינע גוטע שלוחים אדער זיינע גוטע מלאכים זיי זאלען איהר געפינען דעם וועג א היים און זי בשלום אבפיהרען צו איהרע עלטערען.

לאנג האט זי איצט ניט געוויינט און געשריגען ווייל באלד נאך איהרע שרעקליכע קולות, האט זי דער הערט א קול איהר ענטווערען אויף יודיש. נאך א מינוט און פון צווישען די בארג איז געשווינד ארויס געלאפען א יונגעל פון א יאהר פערצעהן אדער פופצעהן און געלאזט זיך גלייך צו איהר, אין אנהויב האט זיך חנה'לע דערשראקען פאר א פרעמד יונגעל, נאר ער האט באלד מיט איהר אנגעהויבען רעדען ווייכע רייד, האט זי זיך אויפגעהערט שרעקין און אלעס גיענטפערט אויף זיינע אונרוהיגע פראגען מיט וועלכע ער האט זי איצט פארשיט און ווען זי האט איהם וועגען זיך מיט א ציטערדיג קול דערצעהלט ווי אזוי זי איז פארבלאנדזעט געווארען און קען ניט טרעפען צו זיך א היים, צו איהרע עלטערען אין שטוב, האט ער איהר גיענטפערט.

— האב קיין מורא און שרעק זיך ניט, איך וועל דיך בשלום אבפיהרען א היים, נאר זאג מיר וואו איז דיין היים?

— וואס הייסט וואו? — דארט וואו מיינע עלטערען וואהנען, אין אונזער שטוב.

— אין וועלכער שטאדט?

— וואס הייסט? — אין אונזער שטאדטעל.

-- נאריש מיידעלע! דא ארום אונז איז דא עטליכע שטאדליך: אקופ, זשוואנעץ, קאסאווע, קיטעוו, און נאך אנדערע.

— אין קיטעוו! אין קיטעוו איז אונזער שטוב! האט חנה'לע מיט פרייד אויס געשריגען מיט שטעהנדיגע גלאנצינדיגע טרעהרען אין די אויגען — קיין קיטעוו פיהר מיך אב. איך בעט דיך — איך האב פריהער פארגעסען צו זאגען „קיטוב" איך האב ניט געוואוסט אז דא נאהענט איז נאך דא שטאדט.

— נו, וויש דיר אויס די טרעהרן, וויין ניט און געה גלייך מיט מיר. באלד, ניט ווייט, פון יענער זייט וואלד, אין גאנצען א דריי ווערסט.

זיי האבען אנגעהויבען געהן, ער מיט א לאנגען שטעקען אין דער האנד און מיט זיכערע פעסטע טריט, אליין הויך און גלייך ווי א סאסנע מיט גלאנצינדיגע

שוואַרצע גרויסע אויגען פון וועלכע עס האט געשפּריצט פולל מיט יונג לעבען, געוואַקסען אין דער ברייט און אין דער לאַנג אויף פיעל מעהר און עלטער ווי זיינע פיערצען — פיפצעהן יאהר. אַ קיילעכיג הויך ספּאדיקעל איז פעסט געזעסען אויף אַ גרויסען שאַנעם קאָפּ מיט געדיכטע שוואַרצע געקרייזעלטע האאר און דאס אַללעם האט בעשיינט אַ ליכטיגער גרויסער שטערען. פון זיין יעדען אבר האט אַראָבגעקוקט לעבען, פרישקייט און געזונדהייט, נאָר מינוטען ווייז ווען ער האט זיך פאַרטראַכט האט זיך עפּיס ווי אַ טונקעלער שאָטען אָנגערוקט אויף זיין ווייס ליכטיג געזיכט, דאַן האט זיין געזיכט בעקומען אַ בעזונדער שאַנקייט און חניוודיקייט. זיין פאַרטראַכט־קייט און פאַרזאָרגטקייט האט זיין געזיכט געפּאַסט עפּיס ווי אַ שאַן צירונג. אין די מינוטען ווען עס פלעגט אָוועקגעהן זיין פאַרטראַכטקייט און מרה שחורה, האט זיך באַלד אויף זיינע רויט פּאַנסענע ליפען בעוויזען אַ שמייכעל און צוויי גלייכע שניערלעך ווייסע ציין האָבען אַרויסגעקוקט, אויף זיינע באַקען האט אָנגעהויבען שפּיעלען צוויי חן־גריבעלעך, אַז עס איז געוואָרען ליכטיג אין די אויגען און פרעהליך אויף דעם האַרצען קוקענדיג אויף דעם דאָזיגען זעלטען שאַן געזונד יונגעל מיט קליגע, אָרענטליכע גוטע, שוואַרצע, פערזאָרגטע אויגען — יודישע אויגען;

חנה׳לע אַזוי קוקענדיג אויף איהם האט זיך געטראַכט: אַז דאס איז גאטטס אַ שאַן יונג מלאך׳ל וואס ער האט צוגעשיקט זי אַרויס פיהרען פון איהר אומגליק און אָבפּיערען אַ היים צו איהר טאַטע־מאַמע, דערהערענדיג איהרע תפלות און צוועהנדיג איהרע טרעהרען פאַר דעם וואס לעבט אייביג ער זאל איהר העלפען אין אַ צרה און ער האט איהר געהאָלפען און זי געהט איצט מיט זיין שאַן מלאך׳ל, גלייך אַ היים.

געהענדיג האט זי זיך דערמאָנט ווי די מאַמע האט איהר געלייענט פון חומש ווי צו אברהם אבינו האט גאָט אויך אַ מאָהל געשיקט דריי מלאכים אין געשטאַלט פון מענשען וואס האָבען זיך געמאַכט גלייך ווי זיי עסען, כאָטש זיי האָבען ניט געגעסען כדי מען זאל אין זיי ניט דערקענען אַז זיי זענען מלאכים, און דער מלאך וואס פיהרט זי איצט אַ היים מאַכט זיך אויך ווי אַ מענש און געהט אָנגעטהון ווי אַ יונגעל כדי זי זאל איהם ניט דערקענען אַז ער איז אַ מלאך אָבער זיין געזיכט און זיינע אויגען שיינט ווי ביי אַ מלאך, דאס זעהט זי. חנה׳לע האט זיך אויך דערמאָנט אַן דעם מלאך וואס איז געקומען צו יעקב אבינו זיך ריינגלען איבער די קריגלעך און פון נאָך אַ סך מלאכים האט זי זיך דערמאָנט.

רעדען האט זי מורא געהאַט מיט איהם כדי זי זאל ניט שטים ווערען, זי האט איהם קוים געענטוועָרט אויף זיינע שאלות. קוקען אויף איהם האט זי אויך מורא געהאַט זי זאל ניט בלינד ווערען, נאָר איז דען מעגליך צו בעמערקען די זינן? זיין געזיכט האט אַזוי געשיינט אַז זי האט ניט געקאָנט און ניט געהאַט וואו צו בע־האַלטען איהרע אויגען.

דאס יונגעל האט באַמערקט ווי איהר איז שווער צו געהן גלייך מיט איהם און



סטאַרעט זיך מיט אַללע קרעפטען נאָך צו שפּאַנען זיינע פעסטע ברייטערע טריט, ער האט פאַרקלענערט זיינע טריט און זי געפרעגט.

— די ביזט מיהעד, מיר וועלען זיך אַ ביסעל צו זעצען און אָבריהען זיך אויף דעם גראָז. זי האט געשוויגען, ער האט איהר אָבגעוויזען איין אָרט וואו צו זעצען זיך און אַליין שטעהענדיג, זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקען. אָבריהענדיג זיך אויף דעם גראָז האט זי ערשט איצט דערפיהלט ווי שוואַך זי איז.

— ווען דו וועסט זיך אָבריהען וועלען מיר ווייטער געהן האט ער ווייטער אָנגעהויבען רעדען.

— ניין, איך וועל באַלד אויפשטעהן און מיר וועלען באַלד געהן, איך האב מורא די נאַכט ריקט זיך באַלד אָן, האט זי ענדליך אָנגעהויבען רעדען פאַרגעסענדיג אַז זי רעדט מיט אַ מלאך.

— האב קיין מורא ניט, רוהע זיך בעסער אָב, עס איז נאָך דאָ גענוג צו געהן.

— עס ווערט זיך אָבער באַלד נאַכט.

— נו וואָס׳זשע איז, אַז עס ווערט נאַכט?

— און דו האסט באַנאַכט קיין מורא ניט.

— ניין, האט ער געזאָגט אויפהייבענדיג דעם קאָפּ און האַלטענדיג פעסטער דעם שטעקען אין דער האַנד — מורא האָבען איז ניט דאָ פאַר קיינעם.

— אָבער דאָ אין פעלד ווען קיינער איז ניט דאָ? האט חנה׳לע געפרעגט.

— וואס הייסט קיינער איז ניט דאָ? האט ער אָנגעהויבען רעדען לעבעדיגער — גאָט איז אומעטום דאָ! אין פעלד, אין וואַלד, אויף די באַרג — אומעטום! הײַנט פאַר וועמען האט מען מורא צו האָבען? אין שטאָדט האב איך יאָ אַמאהל מורא, אָבער ניט אין פעלד.

— וואָס הייסט אין שטאָדט וואו עס איז דאָ מענשען האסט דו מורא און אין פעלד וואו עס איז קיינער ניט דאָ האסט דו קיין מורא ניט?

— אין שטאָדט איז דאָ טהייל מענשען וואָס טהון דעם צווייטען שלעכטס און פאַר אַזעלכע מענשען האב איך מורא, פון אַזעלכע מענשען אַנטלויף איך אָפט מאָהל אין די פעלדער, צווישען די בארג וואו מען זעהט נאָר גאָט מיט זיין שאַנער וועלט מיט אַללע בעשעפעניסען וואָס לויבען און דאַנקען איהם פאַר זיינע גרויסע חסדים וואָס ער טהוט מיט יעדען פון אונז פון דעם קליינעם ווערעמעל וואָס געפינט זיך דאָ אין גראָז אונטער אונזערע פיס ביז דעם גרויסען אָדלער וואָס פליהט העכער פון די וואַלדער און די העכסטע בארג.

— מען זאָגט אָבער אַז אין וואַלד געפינען זיך גזלנים מיט וואָלקולאַקען וואָס ווען זיי באַגעגענען באַנאַכט איימיצען, קוילען זיי אָדער מען עסט אויף. האט חנה ווייטער אָנגעהויבען, שוין אויפשטעהענדיג פון איהר אָרט, וויילענדיג גיכער קומען אַ היים, און נאָך מעהר געשראָקען זיך פאַר דער נאַכט וואָס ריקט זיך וואָס ווייטער מעהר און מעהר.

— עס קען זיין אַז אין וואַלד געפינען זיך גזלנים מיט וואָלקולאַקען, האט דאס

יונגעל ווייטער געערעדט שוין געהנדיג מיט איהר גלייך — נאר אין שטאדט וועגען גזלנים מיט וואלקולאקעס דא פיעל מעהר און איך האב פאר זיי א סך מעהר מורא ווי דא אין פעלד.

— רעד ניט, איך בעט ,יך, באנאכט...

— נאריש מיידעל! דער וואס האט גאטט אין הארצען דער דארף פאר קיינעם קיין מורא האבען, ער היט יעדען אב און ער איז אומעטום דא, ער שלאפט קיין מאהל ניט. ווי אזוי וואלסט דו יעצט אהיים געקוממען ווען ניט ער?...

— אך!... האט זי כמעט אויסגעשריעגען דערמאנענדיג זיך אז זי האט פארגעסען אז זי רעדט מיט א מלאך.

— איך האב דען געוואוסט אז דו בלאנדזשעסט דא ערגיץ ארום? פאר וואס זשע האט זיך מיר גראדע היינט פארוואלט דאוונען מנחה צווישען די בארג און ניט נעבען וואלד נעבען מיין שטאדטעל, איך בין שוין צעהען טאג ניט געוועזען אויף די בארג און גראדע היינט יא. ווער האט דאס אללעס געטהון אז ניט גאטט וואס ווייסט פון אלעס, ניין, עס איז ניט דא פאר וועמען מורא צו האבען ווען ער איז דא און אומעטום היט ער אונז אב. און ער גיט אונז אללעס. ניט מורא האבען, ניט וויינען, ניט שרעקען זיך, ניט פאר יאמערען זיך דאס לעבען דארפען מיר, נאר פרעהליך לעבעדיג מיט דעם גאנצען הארצען דארפען מיר לעבען און איהם יעדע מינוט לויבען פאר אללעס וואס ער גיט אונז, און טהוט מיט אונז. ווען גאט זאלל וועלען מיר זאלען לעבען אין שרעקעניש, אין מורא, אין יאמער, אין קלאג, וואלט ער זיין וועלט ניט באשאפען אזוי שאן, מיט אזא שאנער זונן, מיט א לבנה און מיליאנען שטערען מיט גרינע וואלדער און פאלדער, מיט שמעקענדיגע בלוממען, מיט די אללע מיליאנען אנדערע שאנע זאכען וואס ער האט בעשאפען צום לעבען פאר מענשען און פאר אללעם וואס לעבט. ווען גאטט זאלל וועלען מען זאל קלאגען און וויינען, זיך פייניגען, וואלט ער בעשאפען א פינסטערע וויסטע וועלט אהן א זונן, אהן א לבנה מיט שטערען און אהן די אללע שאנע זאכען וואס געפינט זיך אין זיין וועלט וואו מען קוקט זיך נאר אום.

חנה'לע האט ניט אין גאנצען פארשטאנען וואס ער רעדט, נאר זי האט געפיהלט מיט אללע איהרע אברים אז דער יונגער שאנער מלאך רעדט פון טייערע גוטע שאנע און הייליגע זאכען און האט ניט אויפגעהערט צו הערען זיינע רייד מיט א אפען מויל.

ער האט אפילו גוט געוואוסט אז א מיידעל פון צוועלף אדער דרייצעהן יאהר ווי חנה'לע האט אויסגעזעהן, פארשטעהט איהם ניט אין גאנצען ווי ער וואלט געוואלט, נאר אזא טבע האט ער שוין געהאט פון תמיד אן צו רעדען און שטענדיג וועלען יעדען אריין לעגען זיין גאנצע נשמה מיט זיין גאנץ הארץ, אבי יענער זאל פארשטעהן גאטט מיט זיין גרויסער וועלט מיט דעם גאנצען לעבען ווי ער פארשטעהט. ניט נאר פאר א קינד וואס איז נאך ניט אין שטאנד צו פארשטעהן זיינע ווארטער, האט ער לייב



געהאט צו רעדען, נאר אפילו ווען ער האט זיך געפונען אליין אין וואלד אדער צווישען די בארג האט ער אויך לייב געהאט צו רעדען וועגען גאטט מיט זיין וועלט און די בארג אדער די פאגעל אין וואלד האבען זיינע רייד געהערט...

## III

## ווער זענען זיי?

— נאך ווייט אהיים? האט חנה'לע פלוצים געפרעגט.

— ניין, באלד וועלען מיר שוין זעהן קיטוב. וואס איז? ביזט אפשר, נעבעך מיהעד, זעצען איצט אבריהען איז ניט גוט עס איז שוין נאכט און נאס דאס גראז, לאז איך וועל דיך אביסעל אויף די פלייצעס אונטער טראגען.

— ניין, האט זי געזאגט שמעענדיג האלב דערשראקענדיג. זי האט מורא געהאט טאמער נעמט זי דער מלאך אויף די פלייצעס און וועט זיך אויפהייבען מיט איהר אין דער לופטען און אוועק פליהען מיט איהר אין הימעל אריין — דארט וואו עס ברענט און פלאקערט אזוי ווי זי האט געזעהן היינט פאר נאכט אויף די שפיץ בערג וואו דער הימעל ענדיגט זיך.

— ווילסט ניט דארף מען ניט — טאמער ביז די הונגעריג? איך האב אין קעשענע ברוידט, האט ער געזאגט ארויסנעמענדיג פון דער זייט קעשענע א שטיק ברוידט און איהר דערלאנגט. דאס ברוידט האט איהר דערמאנט אן הונגער, אבגעבראכען א שטיקעל און דאס איבריגע איהם צוריק געגעבען.

— אט לייכט זיך שוין! דאס איז אונזער שטאדטיל, א יא? האט חנה'לע אויס געשריען מיט פרייד און האט אנגעהויבען גיכער צו געהן, קייענדיג אויף גיך דעם ביסען ברוידט.

— לויף ניט אזוי, דו וועסט גיך מיהעד ווערען, עס ווייזט זיך נאר אויס פון ווייטענס אז עס איז באלד, עס איז נאך דא אגוטער ווערסט. טאמער ווילסט דו נאך א שטיקעל ברוידט.

— ניין, איך וועל שוין עסען אין דער היים, האט זי געזאגט און טראכטענדיג דערביי ווי זי וועט דערצעהלען איהרע עלטערען, ווי דאס שאנע יונגעל האט זי אבגעפיהרט אהיים און ווי מען וועט איהם שאן אויפנעמען מיט פוטער מיט קאז און סמעטענע און מיט וואס ער וועט נאר וועלען, און ווי זי וועט איהם אבדאנקען פאר זיין גוטסקייט, און ווי זי וועט דערצעהלען, און ער וועט דערצעהלען.

וואס נאהנטער אין שטאדט איז חנה'לע אלץ היימישער געווארען מיט איהם, כמעט אין גאנצען פארגעסען אז זי געהט מיט א מלאך און עס האט זי אנגעהויבען אינטערעסירען ווער ער איז און פון וואנען ער איז און האט איהם אנגעהויבען פארשיטען מיט פראגען

– וואו איז דײַן טאַטענס שטוב, דײַן הײם, פאַר וואָס האָב איך דיר קײן מאָהל ניט געזעהן?

– דו האָסט מיך ניט געזעהן, האָט ער געזאָגט מיט אַ שמײכעל, װײל אין קיטוב בין איך זעלטען.

– וואו זשע דען איז דײַן הײם, וואו איז דײַן טאַטע, האָט זי איהם נאָך אַמאָהל איבערגעפרעגט.

– מײַן טאַטע איז אין הימעל און מײַן שטוב איז זײַן גאַנצע וועלט, שוין לאַנג אַז איך בין אַ יתום און האָב קײן עלטערען ניט, האָט ער געענדיגט מיט אַ זיפץ, נאַ און דו ווער ביזט? איך מײן ווי רופט מען דײַן טאַטען?

– מײַן טאַטע הײסט אַברהם, אונזער שטוב איז נעבען בית המדרש.

– האַ, ר' אַברהם קיטעווער, אַ סוחר, איך האָב געהערט יעגען איהם אין אַנדערע שטעדטליך, מען זאָגט אַז ר' אַברהם'ס אַ זוהן גאָר נאָך אַ יונגער מאַנטשיק איז אַ גרויסער למדן, דײַנער אַ ברודער איז ער?

– יאָ, ער וואָהנט אין בראָד, ער האָט דאָרט חתונה געהאַט, ער קומט אָפט צו אונז צו פאָהרען צו גאַסט, ווי אַזוי זשע רופט מען דיך איך וויל דיך פרעגען פאַר וואָס דו קענסט אונז אַלע, און מיר דיך ניט.

– גוטע מענשען און לומדים לאָזען זיך הערען פון ווײַטענס דרום קען איך זײ אויך און איך בין ניט קײן למדן דרום קען מען מיך ניט, ווען איך זאָל אַזוי פיעל קענען לערנען ווי פיעל דײַן ברודער, ווי מען דערצעהלט האָט געקענט אין מײַנע יאָהרען, וואָלט מען אויך געהערט פון מיר און מען וואָלט מיך געקענט.

– נײן, דו זעהסט נאָר אויס ווי אַ פּראָסט יונגעל, אָבער ווען דו רעדסט זעהט מען אַז דו האָסט געלערענט, דו ביסט אַ בית המדרש יונגעל, פאַר וואָס זאָגסט דו מיר ניט ווי דו הײסט און פון וואַנען ביזט דו? איך האָב דיר אַלץ געזאָגט.

– איך הײס ישראל און בין פון דעם שטעדטיל אָקופּ.

– ווער זשע איז דאָרט דײַן טאַטע?

– איך האָב זיך דיר שוין געזאָגט אַז מײַן טאַטע איז אין הימעל.

חנה'לע האָט איהם מעהר ניט געפרעגט און שווײַגענדיג ווײַטער געגאַנגען טראַכטענדיג: ער איז געוויס אַ מלאך און מאַכט זיך ווי אַ מענש און איך פאַר געם אַללע מאָהל און רעד... און קוק... און זי האָט בעת מעשה געטראַכט אַז ווען זי וועט קומען אַ הײם און מען וועט דעם יונגען מלאך בעטען צום טיש עסען וועט זי איהם קוקען גלײַך אין מויל און זעהן ווי ער עסט, ד. ה. ער מאַכט זיך גלײַך ווי ער עסט, דאַן וועט זי אַקוראַט שוין וויסען אַז ער איז אַ מלאך, אויף קײן אײנציגע סעקונדע וועט זי ניט אַראָבלאָזען די אויגען פון זײַן מויל ווי ער קײַעט־בלומערשט ער עסט...

טראַכטענדיג אַזוי דעם גאַנצען וועג וועגען דעם, האָט זי פּלוצים באַמערקט



אַז זי איז שוין אין שטעדטעל און דערזעהן איהר עלטערענס הויז און האָט מיט פרײד אויסגעשריגען.

– אָט איז מײַן הײם!... און אָנגעהויבען לויפען.

ווען זי איז אַרײַן געלאָפען אין שטוב איז איהר מוטער אַקעגען געלאָפען מיט אַ שרעקליך געוויין, געלאַכט און געוויינט פון גרויס פרײד.

– וואו ביזט דו פאַרפאַלען געוואָרען, חנה'לע... דער טאַטע מיט נאָך מענשען זענען שוין עטליכע מאָהל געווען וואו די וועלט האָט אַ אײן עק דיך זוכען, זיך שוין עטליכע מאָהל אומגעקערט אַ הײם, טאָמער ביזט דו שוין געקומען און יעצט זענען זײ ווײַטער אַוועק... שוין פון אַ גאַנצע שעה... וואו זשע ביזט דו געווען, מײַן לעבען, זאָג וואָס ביסט דו אַזוי בלאַס ווי די וואַנד.

– איך בין שרעקליך מיהעד און דער שראָקען – האָט זי קוים גיענטפערט פון גרויס פאַרטומעלטקייט – איך בין פאַרבלאָנדזעט געוואָרען... ניט געטראָפען אַהײם... איך האָב געוויינט... אַ יונגעל... אַ מלאך איז געקומען און האָט מיך אָבגעפיהרט אַ הײם... ער קען אונז אַללע.

– וואו איז דאָס גוטע יונגעל? וואָס איז דאָס פאַר אַ מלאך? האָט די מוטער געפרעגט און זיך אומגעקוקט. חנה'לע האָט זיך אויך דערמאָנט און איהם אָנגעהויבען זוכען אויף אַלע זײַטען, נאָר ער איז אין ערגעץ ניט געווען.

– ער קער שטעהן אין דרויסען... בײַ דער טהיר... אַ מלאך טאָר ניט געהן אין שטוב אַרײַן, – אַ יאָ מאַמע?

– וואָס פאַר מלאך!... וואָס רעדסט דו מײַן קינד... וואָס איז מיט דיר... זאָג דערצעהל... גאָט איז מיט דיר... וואָס פאַר אַ מלאך? האָט די מוטער געהאַקעט געבראָכען די האַנד און געלאָפען צו דער טהיר נאָר אין דרויסען איז אויך קײנער ניט געווען.

– ער איז ניט דאָ – דער מלאך? האָט חנה'לע געפרעגט ווען די מוטער האָט זיך אומגעקערט פון דער טהיר.

– ניט דאָ קײן מלאך, ווײ איז מיר, וואָס האָסט דו זיך אײַנגערעדט "מלאך, מלאך", נאָר אײן ניטגוטער איז דיך איבער געגאַנגען, מײַנע שונאים, איך לויף באַלד נאָך דער שפּרעכערען. טפו... טפו... טפו... האָט די מוטער דער ווייל ביז די שפּרעכערען וועט קומען אַלײן אָנגעהויבען שפּרעכען אײן עין־הרע און אַללע מאָהל געשפּיגען דרײַ מאָהל און געגײַנעצט און ווײַטער געשפּראָכען:

„טפו, טפו, טפו
„חנה'לע האָט אַ עין־הרע – צו פּעהלען
„חנה'לע האָט אַ עין־הרע–צו פּעהלען
„חנה'לע האָט אַ עין־הרע – שוין געפּעהלט.

„דריי ווייבער זיצען אויף א שטיין
„איינע זאגט חנה'לע האט א עין-הרע
„די צווייטע זאגט: ניין
די דריטטע זאגט:
„פון וואנען זי איז געקוממען
„א הין זאל זי אוועקגעהען.

„אויף אללע פיסטע פעלדער
„אויף אללע וויסטע וואלדער
„וואו קיין מענשען געהען ניט
„וואו קיין פיס טרעטען ניט
„וואו קיין ברוידט וואקסט ניט
„וואו ווילדע חיות פיהרען זיך.

„דארט זאל זי פארבלייבען
„און חנה'לען אבטרעטען
„און חנה'לעס רוה ניט שטערען
„אין א גוטער מזל-דיגער שעה
„האבען מיר דיר אבגעשפראכען
„הא-א!.. הא-א-א!.. הא-א-א-א!!!.

און די מוטער גיינעצט ווייטער מיט דעם גאנצען מויל.

— א יונגער שאנער מלאך, ער קען אונז אלע ער הייסט „ישראל", וואו איז ער א הין געקוממען? איך האב אפילו ניט בעמערקט ווי ער האט זיך אויפגעהויבען און אוועק געפלויגען, האט חנה'לע ווייטער אנגעהויבען דערצעהלען און זיך וואונדערען.

— ווייטער מלאך, אוי א דינער האט מיך דער שלאגען וואס איך הער, א קינד איז אוועק געגאנגען אין טשערעדע געזונד און שטארק, די קוה איז אליין געקוממען אהן איהר און זי איז ערשט איצטער באנאכט געקוממען ווי אזוי? ווען? נאר א ניט גוטער, מיינע שונאים... אברהם זאל שוין קוממען... איך זאל קענען לויפען נאך דער שפרעכערקע.

טפא, טפא, טפא.
חנה'לע האט א עין-הרע — צו פעהלען.
דריי ווייבער זיצען אויף א שטיין
איינע זאגט....

— מען דארף ניט, מאמע, איך בין געזונד, שרעק זיך ניט, וויין ניט און ברעך ניט די האנד, איך בין געזונד... איך בין הונגעריג... איך וויל עסען, איך האב גאר א פיטצעל ברוידט גענעסען וואס דאס שאנע מלאך'ל האט מיר געגעבען,

— אוי און וויי איז מיר, צרות, איך האב גאר פארגעסען טפא, טפא, טפא, אויף



אללע באזע פעלדער, אויף אללע וויסטע וואלדער... הא-א!... הא-א... הא-א!!! א אמתר ניט גוטער, עס צורייסט מיר שיעור דאס מויל... באלד, מיין קינד, וועל איך דיר ברייננגען עסען און טרינקען און דיך לעגען שלאפען, בייזט געבעך אזוי מיהעד. דער טאטע זאל שוין קוממען... די שפרעכערקע זאל מען שוין רופען... האט די מוטער געזאגט האלב וויינענדיג און איילענדיג געלאפען פאר חנה'לען ברייננגען עסען.

— ווו איז ער פלוצים אנטשווינדען געווארען?.. ווי אזוי האט ער זיך אויפגעהויבען און ארויף געפלויגען אין הימעל, איך האב גאר ניט געזעהן, האט חנה'לע אלץ גערעדט צו זיך און עס האט איהר באנק געטאהן פאר וואס זי האט ניט געזעהן. און ווען זי זאל געוועזען וויסען אז ער וועט ניט קוממען צו זיי אין שטוב וואלט זי אייף קיין רגע ניט אראבגעלאזט די אויגען פון איהם און וואלט געזעהן ווי ער הויבט זיך אויף זיינע בעהאלטענע פליגעל און פליהט, ביז דער הימעל עפענט זיך און ער פליהט אריין און דער הימעל פארמאכט זיך ווידער — „א, ווען איך זאל געוועזען וויסען וואלט איך אלץ געזעהן", האט זי געזאגט צו זיך.

פלוצים האט זי ניט ווילענדיג א קוק געטאהן אויף דעם פענסטער און האט א געשריי געטאהן. אויף איהר געשריי איז אנגעלאפען די מוטער מיט א לעפעל אין דער האנד.

— וואס איז?

— אט איז ער!..

— ווער? וואס? ווען? — קיינער איז ניט דא.

— ער האט נאר וואס אריינגעקוקט דורך דעם פענסטער און שוין אוועק געפלויגען...

— עס ווייזט זיך דיר נאר אויס, קיינער איז ניט געוועזען ביים פענסטער, די ציגען האבען זיך געקערט לעגען ביים פענסטער האט זיך דיר אויסגעוויזען, נוא גיה שוין בעסער עסען און לעג זיך שלאפען, בייזט געבעך ניט געזונד.

— ניין, מאמע, איך בין נאר מיהד.

די מוטטער האט געצויגען מיט די פלייצעס און עפעס אין דער שטיל געשעפטשעט מיט די ליפען און גענעצט, קוקענדיג אויף איהר טאכטער וואס עסט מיט אפעטיט.

באלד נאך דעם עסען זיצענדיג אזוי ביים טיש האט חנה'לע פון גרויס מיעדקייט אנגעהויבען דרומלען, און מיט פיעל מיהע האט די מוטער קוים מיט איהר אבגעלייענט קריאת שמע.

— נא, טאכטערוניא, מיין חנה'לע לעבען, זאג שוין נאך: לישועתך קויתי יי, קויתי יי לישועתך, יי לישועתך קויתי, הא-א... מימיני מיכאל, ומשמאלי גבריאל...

— נא חנה'לע זיסע, האט זי די מוטער געוועקט פון שווערען דרומעל, און חנה'לע האט אלע מאהל נאכגעזאגט מיט פארמאכטע אויגען צווישען די ציין.

נאך קריאת שמע האט זי די מוטער אינטער די ארעם געפיהרט ביז איהר בעטעל, מיט פיעל מיהע אראב געצויגען פון איהר די קליידער, זי איינגעדעקט, איהר נאך א מאהל אין דער שטיל אבגעשפראכען און געגענעצט.

חנה'לעס מוטער וואלט שוין אויך געגאנגען שלאפען נאר אונרוהיג ווארט זי און הערט זיך צו טאמער געהט שוין איהר מאנן מיט זיינע גוטע פריינד וואס וועגען אוועק זוכען חנה'לען, זי האט שוין געשיקט אין בית המדרש זאגען אז טאמער וועט ער קומען זאל מען איהם זאגען אז חנה'לע איז שוין געקומען ער זאל באלד געהן א היים, נאר דער שמש איז ניט געוועען, ער איז אויך אוועק מיט רב אברהם'ן. ויצענריג אזוי נעבען איהר טאכטערס בעט און שעפצענדיג אין דער שטיל, האט זיך איהר אויך אנגעהויבען שטארק דרימלען און שלאפערען.

IV.

## אין יענע צייטען.

עס איז שוין געוועען שפעט אין דער נאכט, פון קיין איינציג שטיבעל האט ניט געלייכטען, נאר פון די פענסטער אין בית המדרש האט נאך פון די יאהר צייט ליכט טינקעל אביסעל בעלייכט דאס גאסעל וואו דאס בית המדרש האט זיך געפונען, און ווייטער, איז אומעטום געוועען פינסטער ווי אין מצרים און שטיל ווי אויף דעם בית הקברות.

די קליינע הייזלעך אין דעם שטאדטעל האט זיך אויסגעזעהן פון דער ווייטענס ניט שאנער ווי קברים. נידריגע צו בראכענע הייזלעך מיט שטרוי, מיט ערד און מיט צובראכענע פוילע שינדלען געדעקט און די דאזיגע דאכלעך וועגען ניט אללע גאנץ געוועען, דא האט ארוים געקוקט אויף גאטס וועלט א צובראכענע נאקעטע קראקווע, דא — אין גאנצען א שטיק דאך ניט צוגעדעקט, אפען מיט לעכער פון וועלכע קאץ מיט קוטערס וועגען מיט א מיאקעריי אריינגעשפרינגען און ארויסגעשפרינגען, און מינוטען ווייז געשטערט דאס שטילקייט. —

אין די אללע קליינע פענסטערלעך פון די הייזלעך איז ניט געוועען קיין גאנצע טאפליעס, דאס מעהר זענען פון זיי געוועען פארקלעפט מיט פאפיער אדער מיט אלטע שמוטציגע שמאטעס.

דאס ארעמקייט צווישען אונזערע יודען האט זיך געווארפען ניט ווילענדיג אין די אויגען.

אויף דער גאס איז פינסטער נאר אין זייערע וואהנונגען און זייער לעבען איז נאך פינסטערער, עס האט ביי זיי שוין לאנג ניט געטאגט.

ניט פרעהליך האט זיך יודען געלעבט אין דער צייט, ווען די פוילישע פריצים האבען יודען געדריקט פון אלע זייטען, יעדער פריץ האט געקוקט אויף די יודען וואס האבען געוואהנט אויף זיין ערד ווי אויף זיין אייגענטהום ד. ה. ווי אויף זיינע בהמות און שאף פון וועלכע ער דארף נאר וואס מעהר שערען און מעלקען. וואס דער פריץ האט נאר געוואלט האט ער געטאהן מיט דעם יודען, ווען אז דער רוסישער בויער איז דאנן געוועען געדריקט פון די פריצים, וואס פאר א ווערטה האט שוין געהאט דער אומגליקליכער עלענדער יתום — דער יוד פאר וועלכען עס איז ניט געוועען ווער עס זאל זיך אן נעמען, אפילו איין מאהל אין הונדערט יאהר. צרות, פיין פון אללע זייטען וואס אפילו א שטילע בהמה דריגעט אויך א מאהל מיט די פיס און מיט די הארנער ווען עס פלאצט ביי איהר דאס געדולד, נאר די יודען, ווי געדולדיגע שאף (שעפסען) וואס מען הערט פון זיי מעהר ניט ווי שטיל „מעקען" אפילו ווען מען פיהרט זיי צו דער שחיטה, האבען שטיל געליטען פון יעדען ווער עס האט נאר געוואלט און וואס ווייטער נידריגער געבויגען דעם קאפ, נידריגער אראבגעפאלען ביי זיך און צייטען ווייז נאר פארגעסען אז ער איז א מענש און ווינציגער געפיהלט ווי די בהמה, ווי די שאף.

אין געוויסע צייטען ווען דאס געדולד האט געפלאצט ביים געדריקטען בויער, האט ער אויך זיין כעס אויף די פריצים, אויסגעלאזט צו די יודען און דער יוד האט אליין אין זיך איינגענומען און ווייטער ווי אזוי עס איז געלעבט — געזיפצט און קוים אין זיין צוואונדעטען גוף געהאלטען די נשמה.

ניט ווינציגער האט ער געליטען און איז פארשווארצט געווארען פון זיינע אייגענע שטארקערע ברידער, און פון דערשלאגענקייט פון אלע זייטען האט ער אנגעוואוירען די פעהיגקייט צופיעלען זי ווייט ער איז אונטערדריקט פון אייגענע און ווי ער זינקט וואס ווייטער מעהר אין בלאטע.

דאס יודישע קהל האט דאס פראסטע ארעמע פאלק געהאלטען ווי אין אייזערנע קייטען מיט זייערע נאלאגאן, פון וועלכע די געציילטע רייכע יודען זענען געוועען אין גאנצען פריי, פיר אללעס האט ער געמוזט פון זיין ארעמען גראשען צאהלען דעם שטרענגען קהל.

די רבנים פון זייער זייט, האבען מיט זייערע חומרות און חרם'ס, מיט נייע דינים אלץ שווערער געמאכט דאס לעבען פון יודען. ניט פארשטעהענדיג וואס און ווען נאר שווייגענדיג האט דער יוד אנגענומען יעדען רבס נייע דינים ווי א תורה. פרעגען האט קיינער ניט געטארט און אך און ווי איז שוין געוועען דעם וואס האט געהאט די העזה עט וואס פרעגען, אדער ניט פאלגען וואס די רבנים הייסען, דער שרעקליכער חרם האט איהם לעבעדיג באגראבען צוזאממען מיט זיין פאמיליע אויף אייביג ביז ער האט ניט ווילענדיג געמוזט ווערען א בעל תשובה, נאר וויפיעל גיהנם'ס האט ער בעדארפט איבערגעהן מיט דער תשובה מען זאל פון איהם דעם חרם אראב נעמען! — זיין לעבען איז שוין סיי ווי סיי ניט ווערט געוועען קיין צובראכענעם גראשען, וואבען לאנג פאסטען און זיך פייניגען וויפיעל די זאטטע רבנים האט זיך נאר געגלוסט ביז פון מענשען איז געווארען א סקעלעט, ניט שוין קיין מענש וואס זאל טויגען צום ארבייטען, צום לעבען.

היינט ווער, ווער האט געקענט פארמאגען אזוי פיעל מוטה אזוי זיך איינצושטעלען דאס לעבען א פיפיסט צו טהון קעגען די רבנים אדער קעגען דעם מורה׳דיגען קהל.

ניט קיינער פון די רבנים האט געזאגט קיין מאהל א ווייך ווארט דעם יודישען פאלק, ווייכע גוטע ווארמע ווארטער וועלכע דאס פאלק האט געזיכט ווי א דארשטי־גער פרישער וואסער. א גוט ווארט, עס זאל איהם טרייסטען און היילען זיינע וואונדען כדי מען זאל האבען קראפטען ווייטער צו לעבען.

פון קיינעם האבען זיי ניט געהערט אזא ווארט נאר מיט נייע דינים און שטריינג האלטען די אלטע דינים, אט דערמיט האבען די רבנים — זייערע פאסטיכער געהאדעוועט זייערע געטרייע פארמיטשעטע שאף און דאס קהל האט זייער טשערעדע געהאדעוועט מיט נייע נאלאגען און צווישען יודין איז וואס ווייטער פינסטערער און פינסטערער געווארען.

ווי דאס קהל אזוי די רבנים האבען געקיקט אויף פראסטע יודען ווי אויף זייערע קנאכט פון וועלכע מען דארף האבען ניטצען אבער ניט זיי ברענגען ניטצען! זיך געהאלטען פאר לומדים, מיט שטאלץ געקיקט אויף זיי און דערווייטערט זיך פון די עמי־הארצים, פון וועלכע עס איז אין דער צייט בעשטאנען דאס מעהר פון יודען, די לומדים האבען זיי ארום גערינגעלט מיט אזא געדיכטען פאנאטיזים אז זיי האבען נאך פארגאטטערט זייערע שטרענגע גאטטס סטראפשעס — אינקוויזיטארס, זייערע ווארטער זענען ביי זיי ווי געווען א דין מן השמים, דער גרעסטער כבוד איז געווען ווען מען האט געהאט די זכיה צו רעדען מיט זיי א ווארט. דער גאנצער צוועק אין לעבען איז געווען צו נעמען איין איידעם א למדן, וואס זאל האבען סמיכות אויף רבנות און פאר דעם איז דער ארימסטער עם־הארץ געווען גרעט אוועק צו געבען דעם לעצטען גראשען אבי צו האבען איין איידעם א רב. ער האט געמעגט זיין א קראנקער, א נאר־נישט און צו קיין זאך אין דער וועלט ניט טויגען. אבי א רב, אייגענע קינדער האבען די עלטערען זעלבסט געלאזט מוטשען און תליה׳ווען אין די חדרים ביי רוצחים מלמדים, אפט געמיטשעט ביז צום טויט אבי פון זיי זאלען ארויס קומען רבנים. אין די יודישע חדרים האט געוועלטיגט אינקוויזיטארישע אינסטרומענטען ווי „א שפרייז־האלצעל" אדער „א מויל שלאס", „א פיס קלאצעל" און דער בעקאנטער לעדערנער קאנטשיק. און יודישע קינדער האט מען אהן שום רחמנות געמיטשעט לשם שמים און געמאכט פאר קאליקעס. אבי זיי צו מאבען פאר רבנים.

און ניט אומזיסט האט דאס יעדער געוואלט, ווייל אין דער צייט איז ביי יודען דאס בעסטע געשעפט געוועזען — רבנות. א רב האט פרנסה, כבוד און אלעס גוטס ביי זיך אין שטאדט און אומעטום וואו יודען האבען זיך נאר געפינען, ארעם און רייך האבען איהם אלץ געגעבען אומזיסט און ער האט איבער זיי געשאפט ווי ער האט נאר געוואלט.

עס איז אפילו ניט ווייניג געווען צווישען יודען וואס זענען ניט געווען צופריעדען מיט די רבנים ד. ה. זיי זענען געווען געגען זייערע שטרענגע דינים און דערפאר



וואס זיי האלטען דאס פאלק ווי אין אייזערנע קייטען, ווי מיט צוואנגען, אז ער איז ניט אין שטאנד א פרייע מינוט אבצודעכען, נאר די געציילטע ניט צופריעדענע האבען מורא געהאט א ווארט צו רעדען, ווייל יעדער האט געוואוסט אז ער שפיעלט מיט דעם לעבען.

זייער ניט צופריעדענקייט האבען זיי געטראגען אין דער שטיל אין הארצען, אויסער ווען מען איז זיך צוזאממענגעקוממען מיט די געצאלטע חברים, דאן האט מען זיך איינס פאר דעם אנדערען אויסגערעדט זייערע שווערע הערצער וואס זיי האט וויי געטהון צוזעהענדיג טאג טעגליך ווי דאס יודישע פאלק ווערט אונטערדריקט פון אייגענע ברידער און וואס ווייטער זינקט ער מעהר. אין די קייטען פון גראבען פאנאטיזם, ער האט ניט קיין פרייע מינוט, ווייסט ניט פון קיין ליכטיגע וועלט צו זאגען און ניט פון קיין לעבען.

דאס מעהר פון דער קליינער חברה זענען געווען יונגע לייטלעך — בית־המדרש־ניקעס וואס פלעגען דארטען לערנען פאר זיך אדער צוזאממען מיט חברים, נאר אהן א רבין.

אין יעדער שטאדט, דאס מעהר אין פאדאליע גאליציע און אוקריינא, האט זיך געפינען צוויי־דריי אזעלכע יונגע לייט און אפט נאר איינער אין א שטאדט.

צווישען די לייט זענען ארומגעגאנגען אלטע געשריבענע ספרים — כתבים, וועלכע די רבנים האבען פארבאטען צו לייענען, נאר די געציילטע יונגע לייטלעך פלעגען זיך אויף די כתבים ווארפען ווי דארשטיקע און געטרונקען פון זיי ווי פון א פרישען קוואל, מען האט פארגעסען און עסען און טרינקען און מען האט זיי געלייענט און געלערנט בחדרי חדרים אז קיין אויג זאל זיי ניט זעהען. די כתבים האבען זיי געעפענט די אויגען און עס איז זיי ליכטיג געווארען אין דעם גרויס פינסטערניש וואס האט געהערשט צווישען יודען אדאנק די שטרענגע רבנים.

פון די כתבים האבען זיי זיך דערוואוסט: אז גאט וויל ניט אז מען זאל זיך פייניגען דאס גאנצע לעבען, ווי יעדער רב אין זיין שטאדט האט פערלאנגט, זיי האבען זיך דערוואוסט אז גאט האט בעשאפען זיין שאנע וועלט פאר דעם מענשען וועגען, ער זאל פון אלעס געטטעס גאב הנאה האבען, ניט זיך מוטשען און פארמאטערען זיך דאס לעבען. גאטט פערלאנגט, מען זאל איהם ליבען, בעטען, דאווענען אין עטליכע ווארטער נאר מיט דעם גאנצען הארצען אז מען זאל פיהלען מיט אללע אברים אז מען דאווענט פאר דעם באשעפער וועלכען יעדער דארף פאר אללעס ליבען; פון אזעלכע זאכען האט גאט מעהר הנאה ווי ווען מען נעמט זיך ארויס די אויגען זיצענדיג טאג מיט נאכט איבער דער גמרא מאכען אלע מאהל נייע חומרות פאר יודען און מיינען אז דערמיט איז מען א צדיק, אז מיט אזעלכע זאכען דערהאלט מען דאס גאנצע יודישקייט און מען מוז שוין יוצא זיין פאר גאט.

און נאך מעהר פון אללעס האט גאטט הנאה, האבען זיך די יונגע לייט דערוואוסט פון די כתבים, ווען דער מענש טהוט א סך גוטס אין זיין לעבען, ווען

ער האט רחמנות אויף ארימע לייט און איז גרייט זיך טהיילען מיט זיין בעסטען ביסען. דאס איז ביי גאט טייערער פון אללע פידען וויי· דינים מיט נייע חומרות אויף צו בינדען יודען.

אט דאס האבען די יונגע לייט געפינען אין די אלטע כתבים פון אלטע רבנים לומדים, אמתע יודען וואס האבען ליעב געהאט מענשען און געוואלט פארגרינגערען זא אויך ניט קיין גרינג לעבען פיר יודען.

צווישען די יונגע לייט האבען זיך אויך געפינען דערוואקסענע יונגלעך וואס פלעגען אויך מיט העלפען איבער שרייבען די כתבים און בסוד זיי צושיקען אין פערשיעדענע שטאדט. ניט אללע אבער פון די יונגע לייטלעך האבען פארשטאנען די היילינגע געדאנקען פון די אלטע יודישע רבנים און געלעהרטע.

פיעל האבען געבלאנדזעט ווייל זיי האבען ניט פארשטאנען די ריכטיגע געדאנקען פון די טייערע כתבים אין וועלכע עס האט זיך געפינען אזוי פיעל ליעבע צום יודישען פאלק און ווי לויטערער קריסטאל אריין יודיש ווארעם הארץ צו גאטט און צו דער יודישער אמונה.

אין פערשיעדענע צייטען זענען פיר איינינע די כתבים געוועזען ווי א שארף מעסער ביי א קינד אין דער האנד, און ווירקליך האבען איינינע קליין־קאפעלדיגע מיט קינדערשען שכל זיך פארשניטען מיט די כתבים און נעגען אוועק אין שלעכטען וועג.

אז מען זאל די טייערע כתבים קענען פארשטעהן האט מען געמוזט געבוירען ווערען מיט א קאפ וואס זאל האבען א גלייכען שכל, וואס זאל קענען מיט דעם שכל פארשטעהן וואס שפעטער וועט זיין ד. ה. וואס קען ארויסקומען נאכהער פון א זאך ווען מען וויל עס טהון. דער צו דארף מען פארמאגען אזא הארץ וואס זאל קענען א סך פיהלען, ליעבען, א הארץ וואס יעדע זאך זאל אהרען און אנרירען. מיט איין ווארט א מענש מיט א גוטען און א פעסטען חאראקטער, א מענש וואס זיין איינענער „איך" זאל ביי איהם קיין שום ווערטה ניט האבען דאנן ווען ער קען מיט זיין „איך" נוטצען בריינגען יענעם — דעם כלל פון זיינע ברידער.

צו דעם אלעמען האט מען אויך געמוזט געבוירען ווערען פראסט קערפערליך געזונד און שטארק, מען זאל אין שטאנד זיין אללע שווערקייטען אין לעבען גרינג קענען איבערטראגען און איבערליידען אז מען זאל די מוטה און שטארקייט ניט פארליערען, אז מען זאל קענען גלויבען און האפפען, האפפען און גלויבען אין זיך זעלבסט, אין דער אייגענער ארבייט גלויבען.

אט דאס אללעס מוז פארמאגען דער וואס קען ווירקען אויף א גאנץ פאלק. אזוינעם האט דאס פאלק ליעב און פאלגט איהם, הערט און פארנעמט זיינע רייד, ער איז איהם איבערגעגעבען און איז גרייט פאר איהם אין פייער צוגעהן. אהן די אללע פריהר אויסגערעכענטע מעלות, קען מען ניט ווירקען אויף א פאלק. מען מעג זיין ווי הויך געבילדעט און קענען שאן רעדען, אזא מענשען קען דאס פאלק נאר אויסהערען



ווען ער רעדט שאן און קלוג, אבער נאכהער באלד פארגעסען; פאר אזא מענשען קען אפשר דאס פאלק מורא האבען, דרך ארץ האבען, אבער ניט ליעבען, זיין אמת איבערגעגעבען און גלויבען איהם אדער גלויבען אין איהם.

צו קענען ווירקען אויף א פאלק מוז מען מעהר פארמאגען דאס וועלטענע גוטע טייערע בריישע הארץ וואס דאס פאלק דערפיהלט פון נאטור אז דאס הארץ פון אזא מענשען געהער צו זיי, וועלכעס עס פיהלט גלייך מיט זיי. דעם פאלקס ליידען און פריידען דרוקט זיך אב, שפיעגעלט זיך אב אין דעם דאזיגען הארצען. אזא הארץ פרייעט זיך ווען דאס פאלק איז גוט, און עס וויינט ווען דאס פאלק ליידעט אדער עס איז איהם שלעכט.

אזא וועלטען הארץ צוזאממען מיט די פריהר אויסגערעכענטע געבוירענע מעלות, האט פארמאגט דאס קינד ישראל בן אליעזר פון דעם שטעדטעל אקופ. ער איז מיט דעם אלעמען געבוירען געווארען און געוואקסען.

## V.

## דער יתום.

זעהר יונג האט זיך ישראל דערוואוסט פון צרות און לייד, זיין פאטער און מוטער זענען איהם אבגעשטארבען ווען ער איז נאך גאר א קינד געוועזען און איהם איבערגעלאזט א עלענדין יתום אויף דער וועלט און טאקע מעהר האבען זיי איהם ניט איבערגעלאזט ווי צו זיין א עלענדער ארעמער יתום, ווייל זיי זענען אליין ארעמע לייט געוועזען, דער פאר אבער האט איהם זיין פאטער איבערגעלאזט א טייערע ירושה וואס האט דעם יתום בעשיצט אין זיין גאנץ לעבען פון אללעס שלעכטעס, פון אללע צרות און האט איהם שטענדיג געפיהרט אויף דעם גלייכען גוטען וועג. די ירושה איז: ווען זיין פאטער איז שוין געליגען אויף דעם טוידטען בעט האט ער גענומען זיין קינד אויף די האנד און האט איהם געזאגט: „חאטשע איך בין ארעם און האב
„דיר גאר ניט וואס איבער צו לאזען נאך מיין טוידט און בין דיך ניט זוכה מגדל צו
„זיין, אבער דו זאלסט געדיינקען אז גאט וועט אומעטום זיין מיט דיר און דער פאר
„זאלסט דו זיך פאר קיין זאך ניט שרעקען און פאר קיינעם קיין מורא ניט האבען, גאט
„וועט דיך אומעטום בעשיטצען".

מיט די ווערטער איז זיין פאטער נפטר געווארען.

זיין פאטערס צוואה האט דער נייער יתום טיעף, טיעף אריין געלעגט צו זיך אין הארצען און עס געהאלטען דארט ווי איין אבן טוב.

געדיינקענדיג די טייערע צוואה, פארמאגענדיג אזא אבן טוב, האט ער באמת זיין גאנץ לעבען זיך פאר קיין זאך אין דער וועלט געשראקען און פאר קיינעם קיין מורא ניט געהאט.

דער עלענדער יונגער יתום האט נאך זיינע עלטערענס טוידט זיך ארומגעקוקט אויף

אלע פיער זייטען. אליין העלפען זיך האט ער ניט געקענט, ער איז נאך געווען צו יונג און שוואך, ער האט געקוקט און געזיכט אויף אלע זייטען פילייכט וועט קומען א גוטע נשמה און וועט איהם טרייסטען, צוטטילען צו זיך, דערוואַרעמען מיט געטרייששאַפט און ליעבע אין וועלכעס דאס יונגע עלענדע יתום׳ל האט נעבעך אזוי נייטיג בעדאַרפט האבען. קיינער איז אבער ניט געקומען, נאר אַנשטאט אַזעלכע וואס זאלען איהם דיענען פאר א פאטער אדער אלס א געטרייע מוטטער, האט דאס קהל פון שטאדטעל איהם אריין געווארפען אין דעם פינסטערען חדר, וואו ער האט באלד דערזעהען פיר זיך דעם שרעקליכען באזען רבין מיט זיינע ווילדע בעהלפערס, א קליין פאר רויכערט דושנא שטיבעל מיט א סך אויסגעמיטשעטע בלאסע קינדער פון די ראזגעס וואס מען פלעגט זיי כמעט אלע טאג פאר דער קלענסטער זאך קאטעווען ביז אין בלוט אריין און אמאהל איין אויג ביי די קינדער אויסגעזעצט אדער איין אויער אבגעריסען. —

זעהר זעלטען זענען אפילו אייגענע עלטערען געקומען אין חדר זיך אננעמען פאר זייערע קינדער, ערשטענס האבען די קינדער זיך זעלטען בעקלאגט אויף דעם רבין, ווייל פון חדר טאר מען ניט אויסזאגען און אין צווייטענס ווער האט נאר געוואגט, דעם רבין וואס לערענט די קינדער תורה, א ווארט צו זאגען. דער רבי קאטעוועט און תליהועט צו ליעב דער תורה

ווען עס האט זיך יא א מאהל אין א יאהר געטראפען אז איינינע עלטערען, פון גרויס רחמנות צו זייערע קינדער, פלעגען קוממען זיך אננעמען און בעטען דעם רבין, פלעגט ער זיי מיט א שטעקען ארויסטרייבען פון חדר און מיט שטיינער אויף דער גאס זיי נאך לויפען.

פאר דעם יתום אבער איז ניט געווען ווער עס זאל זיך אננעמען אפילו איין מאהל אין יאהר און דערפאר טאקע האט זיך דער רבי אין יתום מעהר נוקם געווען ווי אין אללע.

א צייט האט ער אזוי געליטען און געשוויגען נאר זיין געבווירען גיט הארץ האט מעהר פון אללעס געליטען ניט געקענט ליידען און שווייגען צו זעהענדיג ווי מען קאטעוועט און מען שלאגט אנדערע קינדער און פיעל מאהל האט ער פון גרויס רחמנות אויף יענעם, געליטען פאר די קינדערס זינד.

— ווער האט געהוסט ביים לערנען? האט דער רבי א געשריי געטהון ניט ווייסענדיג ווער.

— איך, פלעגט דער יתום זאגען, האטש געהוסט האט איין אנדערער.

און דעם יתום האט מען געראזגעוועט פאר יענעם.

און שטענדיג ביי אזא פאלל ווען דער רבי האט ניט געוויסט ווער פון די קינדער האט געטהון די אדער איין אנדער זינד, איז דער ערשטער ארויסגעטרעטען דער יתום און איז געווען דאס כפרה הינדעל.

— אליין ער וואס איז אויף קהל׳ס חשבון! האט דער רבי געטיפעט פון גרויס כעס מיט די פיס — אז איך וועל איהם שוין ניט אויסלערנען, וועט שוין קיין לייט פון איהם ניט ווייג



און דער רבי פלעגט שטענדיג פיר דעם יתום אויסטראכטען בעזונדערע מיטלען ווי איהם צו מיטשען.

די קינדער האבען געוואוסט אז ער קומט אב אומזיסט פאר פרעמדע זינד, טהייל פון זיי פלעגען זיך בעטען ביי איהם ער זאל ניט ארויסטרעטען דער ערשטער און נעמען אויף זיך פרעמדע זינד.

— ניש קשה, פלעגט ער זיי ענטווערען, איהר זענט שוואכע און מיר האט גאטט בעשאפען שטארקע״ר פון אייך, איז מיר גרינגער אללעס איבער צו טראגען, איך האב פאר קיין זאך קיין מורא ניט און שרעק זיך ניט

און ווירקליך פלעגען זיך די קינדער וואונדערען אויף איהם און פלעגען זאגען:

— ישראל שרייט ניט און וויינט ניט ווען דער רבי שלאגט איהם ווי גלייך עס טהוט איהם ניט וויי

פון תמ״ן האבען די קינדער דעם יתום ליעב געהאט ווי דאס לעבען און פלעגען זיך פיהלען פאר דעם גליקליכסטען ווען אין די פרייע מינוטען פלעגט ער פארברענגען מיט זיי.

זעהר זעלטען האבען זיי אבער געהאט אזעלכע פערגעניגען.

זיצענדיג אין חדר האט איהם אלץ געצויגען אויף דער גאס וואו עס איז אזוי ליכטיג און פריי, וואו די זינן שיינט אזוי ליעבליך און פריינדליך צו יעדען.

— אויף דער גאס, ערגיץ ווייט, ווייט וואו אללעס לעבט און וואו עס דארף זיין דארט אזוי גוט, און דא אין חדר איז אזוי אייננ, דושנא, אזוי טרויריג, שווארץ נאר דערשטיקט צו ווערען. דאס לערנען וואס דער רבי וויל מיט ראזגעס אריין שטיפען אין די קינדערשע קעפלעך, האט קיין שום טעם ניט, קיין אינטערעס.

זיין יונגער מוח ריהט ניט איין אין דעם יונגען יתום׳ס קעפעל, ער פארשטעהט ניט אללעס וואס ער זעהט, אללעס פארדריעסט איהם און עס ריהרט איהם אן ביז אין טיעפען הארצען, א סך שאלות קריכען איהם אין מוח און אפט רעדט ער זיך אויס דאס הארץ מיט זיינעם א חבר פון די יונגלעך און נאך אפטער מיט זיך אליין, ווען ער קען ניט שלאפען, ניט פון דער ארטער בית המדרש באנק מיט א האנד צוקאפענס צו וועלכען ער איז געוואהנט פון קינד ווי ז אן לאזט איהם ניט שלאפען, נאר זיינע מחשבות׳ן לאזען איהם ניט שלאפען.

— איך בין שוין ניט קיין קינד, באלד ווער איך שוין צעהן יאהר, רעדט ער מיט זיך אליין—נאר מיר דאכט זיך אז איך בין שוין אלט מעהר ווי צוואנציג יאהר און צרות האב איך שוין איבער געליטען אודאי מעהר ווי איינער פון דרייסיג יאהר. די זעקס יאהר וואס איך בין אויף קהל׳ס חשבון אין חדר וואס האב איך אין דער צייט איבער געליטען? און פאר וואס? און פאר וועלכע זינד? איך פיהל זיך ניט אין קיין שום זינד און טאמער האב איך יא א סך זינד ווייל איך בין געבווירען א מענש, א בשר ודם, איז דא א גאטט וואס שטראפט, פאר וואס־זשע שטראפען אזוי שרעקליך דערוואקסענע מענשען ווי דער רבי און נאך אנדערע! אמת איך בין א יתום, קיינער האט זיך פאר מיר

ניט אנצונעמען, נאר מײַנע חברים לעבט זיך דען בעסער? זיי שלאָגט מען דען ניט? זיי מיטשעט מען דען ניט? פאר וואס איז דאס אזוי? זיי זאגען אז מען מעג שלאָגען און מיטשען צו ליעב דער תורה. מײַן האַרץ זאגט מיר אז דער גוטער גאָטט הייסט ניט מיט שטעקענס לערנען זײַן תורה, אוי ווען איך בין א גרויסער, א דערוואַקסענער און ווען איך לערען קינדער וואלט איך אנדערש געוואוסט ווי צו לערנען מיט זיי די תורה. ניין, וואס עס וועט זיין, זאל זיין — איך קען עס מעהר ניט איבער טראָגען, איך קען מער ניט צוזעהן; מײַן האַרץ ווערט אין מיר צוגאַסען פון גרויס רחמנות, איך וואָלט זיי געוואָלט העלפען; פארגרינגערען, נאר איך קען ניט, איך מוז אַוועק פון חדר ווייט, ווייט, אין גאָטס ליכטיגער וועלט וואו אלעס איז געווים אזוי גוט אזוי שאָן, דאָרט וועל איך לערנען זײַן תורה מיט לויב און געזאַנג און וועל זיך אומקערען א גרויסער למדן און וועל לערנען מיט קינדער ניט מיט געוויין פון די שטאָקענס, איך וועל מיט זיי אויך לערנען מיט געזאַנג און מיט א לויב צו גאָט.

אין בית המדרש וואו דער יתום איז געלעגען אויף דער הוילער באַנק האָבען נאָך געקאַנעצט די יאהרצייט ליכט, אָט איז פּלוצים ליכטיגער געוואָרען, די פריהריגע שאָטענס פון די וואַנד זענען אנטשווינדען געוואָרען, אָט איז ווייטער פינסטער געוואָרען און די שאָטענס האָבען זיך ווייטער געצויגען און געציטערט אויף די וואַנד.

ליגענדיג פריהער אויף דער באַנק פארטראַכט האָט ער פּלוצים אָבגעשטעלט זײַנע אויגען אויף די ליכט וואס געהען אויס און מיטשען זיך געבעך.

— ניין דאס איז ניט קיין ליכט, דאָס איז א געמיטשעט לעבען מען דאַרף אנצינדען אַ אַנדער ליכט... האָט ער געזאָגט, נאר... ער איז באַלד אַנטשלאָפען געוואָרען.

אין דער דאָזיגער נאַכט האָט זיך איהם געחלום'ט אז גאָט האָט זיך צו איהם באַוויזען מיט זײַן גאַנץ ליכטיגקייט און גרויסקייט און האָט צו איהם אזוי געזאָגט: „איך בין מיט דיר, דו זאָלסט זיך פאר קיין זאַך ניט שרעקען און פאר קיינעם קיין מורא ניט האָבען”

אויף מאָרגען איז געוואָרען אַ רעש אין א קופּ אַז דער יתום איז פאַרפאַלען געוואָרען מען האָט איהם אומעטום געזוכט און ניט געפינען. טהייל האָבען געזאָגט אַז מען האָט געזעהן איהם זיך באָדען פאר טאָג אין טייך און איז דערטרונקען געוואָרען, טהייל האָבען ווידער דערצעהלט, אַז פאר טאָג ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון בית המדרש האָט איהם אַ וואָלקולאַק אויס געכאַפּט.

אין די בתּי מדרשים, אין די חדרים, אין מאַרק האָט זיך גערעשט און יונג און אַלט זענען געלאָפען צום טייך, וואו אויף דעם ברעג טייך זענען געשטאַנען אַ סך מענשען אַלע האָבען גערעדט, געפּילדערט, נאר קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס.

דער יתום ישראל בן אליעזר איז איצט בײַ יעדען אין מויל.

(פאָרטזעטצונג פאָלגט)



# צווישען ווײַטע און נאָהענטע

## (וועגען די קאַווקאַזער, קרימער, רוססישע און פוילישע יודען)

אין מײַן אַרטיקעל „די קאַווקאַזער יודען” געדרוקט אינ'ם דריטטען באַנד „הויז-פרײַנד”, האָב איך פערשפּראָכען בײַ געלעגענהייט אַרום צו רעדען פונ'ם לעבען פון די גרוזינישע און פּערסישע יודען, פון וועלכע אונזער לעזענדעם דעם פּובליקום האָט נאָך זעהר אַ קלײַנעם בעגריף. נאָר צום בעדויערען קען איך עס נאָך יעצט ניט אויספיהרען אויף אזוי פיעל ווי איך האָב געוואָלט און וועל אין דעם אַרטיקעל נאָר איבער געבען בעמערקונגען אויס מײַן לעצטע רײַזע פון „זאַקאַווקאַז” ביז אין מײַן טײַערע היים — אין דער טשערע אַרײַן.

### I.

**חתן-כלה אין קאַווקאַז. ראש השנה. קײַן ארץ ישראל! יודען אין קארס ימים טובים.**

מיר איז אויסגעקומען צו זײַן אויף אַ חתונה אין דער שטאָדט א. (זאַקאַווקאַז) בײַ „אַ רוססישען יודען” ווי מען רופט איהם דאָרט, אויף וועלכע עס איז אויך געווען אײַנגעלאַדען גרוזינישע און פּערסישע יודען מיט זייערע פאַמיליען, זאָגאַר מיט די קלײַנע קינדער ווי עס איז דאָרט דער מנהג, עס איז פאַר זיי סערווירט געווען ניט קײַן טיש, נאָר אַ קאַוויאָר אויף דער ערד. אויף וועלכען זיי האָבען זיך אַלע; די מאַננער, פרויען, פרײַליין און קינדער אַרום געזעצט אַרום די וואַנד, אַזוי דאָס די מיטשטוב איז אויסגעקומען געענצליך פרײַ. קײַן גאָבלען און מעסערס האָט מען זיי ניט אַנידער געלעגט. זיי לאַכען גאָר פון דער מאָדע און זאָגען: „דאָס נאָך אַזעלכע גאָבלען און מעסערס ווי דער מענש האָט, בעדאַרף מען גאָר קײַן אַנדערע ניט”. זייער אַרט עסען איז אויך זעהר וואונדערבאַר. זיי לייגען יעדע זאַך צוזאַממען אין דער מיטטען פון צוויי שטיקער „לאַוואַזש” (אַזאַ אַרט מצה, וואָס ווערט בײַ זיי געברויכט דאָס גאַנצע יאָהר ווי בײַ אונז ברויט און עסען אונגעהייער. קײַן אײַנציגער פון זיי, וויפיעל איך האָב מיך צו געקוקט, וועט אייך ניט איבערלאָזען עפּעס אין

טעלער; פערקעהרט ער מאכט נאך דעם טעלער זעהר ריין מיט זייערע „וואוש", אזוי דאס די בעל בית'טע פערשפארט דער נאך ארבייט צו האבען מיט דעם וואשען.

אבעסענדיג, שטעהען זיי אללע אויף ווי איין מענש און ניט דאנקען, אדער זיך געזעגענען מיט יעמאנדען, געהען זיי צוזאממען אהיים.

אין א קורצער צייט בין איך איינגעלאדען געווען אויף זייערס א חתונה וועלכע איך רעכען ניט פאר איבריג צו בעשרייבען.

די חופה איז געווען בעשטימט אויף דיענסטאג און אין דעם טאג האט קיינער פון די גרוזינישע און פערסישע פאמיליען, ווי איך האב זיך דערוואוסט, ביי זיך צו הויזע ניט געקאכט, ווייל מען איז נאך גאנץ פריה אוועק געגאנגען צו דער חתן=כלה, מערקווירדיג דאס די כלה מיט די עלטערן זענען געקומען פון אהאלציק אויף שבת צום חתן, ניט ווי אונזערע אומגליקליכע חתנים וואס מוזען געבען פאהרען צו די כלות. ווי מען האט זיך באלד אויסגעזעצט אויף די יום=טוב=דיגע קאווארען, באלד האט מען דערלאנגט עסען, ווי אויך געטרענקע, וועלכע דארטיגע פרויען טרינקען אונגעפעהר פיל, איך רעכען אז דאס איז דערפאר ווייל זיי פיהרען זעהר א זוצענדעס לעבען, אלזא בענוטצען זיי זיך מיט דער געלעגענהייט אויף א שמחה אביסעל צו טרינקען, ווי מען זאגט: אריין האפען א פרעהליכע מינוט אין לעבען... אבעסענדיג זענען זיי אללע זיצענדיג געשמאק איינגעשלאפען. איך בין פערוואונדערט געבליעבען שטעהן ביי דער קארטינע ווי אללע זענען געלעגען ווי טויטע שלאפענדיג. נאך דעם אויפשטעהען, אדער בעסער געזאגט, זיך ערוואכענדיג פונ'ם שלאף, וואס האט געדויערט ניט מעהר ווי צוויי שעה, האט מען זיי נאך אמאהל דערלאנגט עסען און דער עולם האט זיך גאנץ געשמאק און מיט אפעטיט גענומען אויסליידיגען אלעס וואס מען האט דערלאנגט, גלייך ווי עס איז פריהער גאר ניט געווען. ביי דעם צווייטען עסען האט מען אריינגערופען די חתן=כלה, וועלכע האבען ביז דער צייט גאט געבעטען און זיי האבען זיך אנידער געזעצט אין דער מיטען, און איינע פון די עלטסטע פרויען האט זיי פארגעלעזען אויף גרוזיניש די געשיכטע פון יצחק'ן מיט רבקה'ן, וועלכע אללע האבען צו געהערט מיט דער גרעסטע אויפמערקזאמקייט; נאכהער האבען אללע ווייבער ארום גערינגעלט די חתן=כלה און זיי געבענשט אויף גרוזיניש, צו=זינגענדיג זייערע הארצרייסענדע אזיאטישע ליעדער. פינף דער זייגער איז געווען די חופה, אונטער וועלכער דער חתן האט געהאלטען א האהן און די כלה א הוהן, וועלכע האבען מיט זייער נאכט=מוזיק ארויסגערופען א געלעכטער ביי די זייטיגע מענשען. די חופה געהט כמעט צו ווי ביי אונז, דער חכם פאנגט אן די שבעה ברכות, זינגען זיי אללע צוזאמען און די ווייבער פליאסקען די הענד שרייענדיג „טאש=יך" (פרעהליך). קיין מוזיק איז ביי זיי נישטא ווי אויך ביי אללע איבריגע איינוואהנער פון קאווקאז; אויסער א מאהל די שטאדט=מוזיק „זורנא", וואס בע=שטעהט פון צוויי פייפעליך מיט א פויקעל, וועלכע האלטען אין איין בלאזען און קלאפען ניט שפיעלענדיג קיין זאך ווי עס געהערט צו זיין. דערפאר אבער ווערט



ביי זיי אויף די שמחות געזינגען אז עס איז א פערגעניגען צו הערען, אויף די חתונות ווערט ביי זיי אזוי פיעל געגעסען, געטרונקען און געזונגען ביז זיי ווערען אללע אנטשלאפען און מען צונעהט זיך ערשט אויף דעם אנדערן טאג.

אין א. זוי אויך אין דער שטאדט וואהנען אללע גרוזינישע פאמיליען אין א גהעטטא; די פערסישע יודען וואהנען זיך אין א בעזונדערע געטטא, איבערהויפט האלטען זיי מעהר פון אונז רוסישע יודען, וועלכע זיי שטעללען העכער פון זיך.

אין דער שטאדט אהאלציק (ניט וויים פון טיפליס) וואהנען מעהר פון פינף הונדערט גרוזינישע פאמיליען יודען, וועלכע זענען זעהר רייך, זיי בעשעפטיגען זיך כמעט אללע מיט מאנופאקטור־האנדעל און די רייכסטע פון זיי שעמען זיך ניט ארום צו טראגען מיט די פאקליך אויף די פלייצעס, געהענדיג פון שטאדט צו שטאדט און פון דארף צו דארף פארקויפען זייער סחורה, און אין דער ווירקליכקייט קאן מען ביי זיי די בעסטע סחורות קויפען.

פאריגעס יאהר איז אין בארזשום (דאס געוויסע גוט פונ'ם גראספירסט מיכאיל ניקאלאיעוויטש) געקומען א נייער אופראוולאיושטשי (א גענעראל), וועלכער האט געשיקט צו איינעם פון די גרוזינישע יודען קויפען זיידענע טיכליך, נאר אזוי ווי עס איז געווען גערארע שבת האט איהם דער יוד ניט געוואלט פארקויפען, פאר וועלכען דער אופראוולאיושטשי האט איהם געהייסען ארויספאהרען ביז פיער און צוואנציג שעה; נאר אויף דעם יודענס גליק איז דער הומאנער גראספירסט געווען דאמאלס אין בארזשום צו וועלכען דער יוד האט זיך באלד געווענדעט מיט זיין ביטטע און מען האט איהם ניט געהייסען טשעפען, ווייל דאס הויף זעלבסט קויפט ביי איהם ווען מען בעדארף.

מיט צוויי יאהר צוריק האבען זיך איינינגע גרוזינישע יודען אום ראש השנה צוזאממענגענומען און זענען אין דעם זעלבען גוט אריינגעגאנגען אהן ערלויבניש אין איינע פון די שאנסטע פאוויליאנען פונ'ם גראספירסטס גארטען, ווי זיי האבען זיך זיצענדיג ביי א גלאזעל וויין גאנץ געשמאק געזונגען גרוזינישע ליעדער, פלוצים איז צו זיי אין פאוויליאן אריינגעקומען דער גראספירסט, וועלכער האט זיי זעהר עדעל בעמערקט, דאס ער שטערט זיי ניט צו טרינקען ביי זיך אין גארטען, נאר ניט צו זינגען, וועלכעס ווירקט אויף איהם זעהר, דערביי האט ער זיי א פראגע געגעבען די אורזאכע פון זייער פרעהליך זיין, ווייל „עס איז זעהר זעלטען — אזוי האט ער בעמערקט — צו זעהען יודען זאגאר אויף קאווקאז בעטרונקען". זיי האבען איהם ערקלערט „דאס אזוי ווי עס איז ביי אונז יודען נאי־אהר, האבען זיי זיך ערלויבט צו קוממען צו איהם אין גארטען אויסבעטען ביי א גלאזעל וויין, ווי ביי יודען איז דער מנהג, א געזונד יאהר פאר איהם", דער ענטפער איז דעם גוטען גרויספירסט זעהר געפעללען געווען און ער האט זיי אוך ערלויבט צו זינגען.

אין דעם דארף ארגינא (פופצעהן ווערסט פון אלעקסאנדראפאל) האב זיך

געפונען צווישען די ווילדע „קורדען" אלודען מיט א גרויסער קלייט, ווי ער לעבט שוין זייט עטליכע יאהר, אונ האט פרנסה בכבוד.

פאהרענדיג אינ'ם יאהר 1891 צוזאממען מיט דעם בעוואוסטען רוססישען גענעראל פ. ש. פון קארס נאך קאנוזמאן טיעף זאקאווקאז 1) האבען מיר בעגעגענט א פערסישען יודען כמעט האלב נאקיט, אויף דעם גענעראלס פראגע פאר וואס ער איז ניט אנגעצויגען. האט ער ערקלערט, דאס אזוי ווי ער האט אויף זיך א גרויס אומגליק, האט ער א נדר געטהון אלס מען וועט איהם בעפרייען, צו וואנדערן אויף אזא ארט קיין ארץ ישראל צו דעם כותל מערבית.

די פערסישע יודען זענען פיעל פאנאטישער פון די גרוזינישע, דערפאר זענען אבער די לעצטע מעהר שווינדלער אינ'ם האנדעל.

אין קארס וואהנען מעהר ווי צוואנציג גרוזינישע יודישע פאמיליען, וועלכע בעשעפטיגען זיך כמעט אללע מיט שאף האנדעל, וועלכעס איז אין קאווקאז דאס ערשטע האנדעל געשעפט, זיי האבען זייער חכם אונ זייערע אייגענע שוהל.

אין דעם דארף סאראקאמיש געפונט זיך אין פאלק שוין מעהר אלס צוואנציג יאהר א גרוזינישער יוד „אהארניקע" וועלכען דער גאנץ פאלק האט זייער ליעב ווי אויך דער פאלקאווניק; ער שטעלט דעם פאלק צו פערשידענע זאכען, די יודישע סאלדאטען, וואס האבען דארטען זייער אייגענע שוהל שטראפט ער דערפאר וואס זיי ווילען ניט דאווענען.

די ימים-טובים געהען צו ביי די גרוזינישע ווי אויך ביי די פערסישע יודען כמעט ווי ביי אונז אויסער פסח, וואס זיי באקען אללע טאג מצות יעדערער בעזונדער ביי זיך אין דער היים, יעדער איינציגער פון זיי האט אין זיין סאקליע — א אויוען אין דער ערד ווי א גרוב, אונ אויף א גרויסער הילצענער האנד מיט א קישעלע לעגען זיי ארויף די מצה אונ נאכהער לאזען זיי זי אראב אין אויוען אריין אונ זי ווערד אויגענבליק פארטיג, אזעלכע ארט מצות, עסען זיי אויך א גאנץ יאהר אנשטאט ברוידט, דער חילוק איז נאר וואס פסח רופען זיי עס „מצות" אונ א גאנץ יאהר — „לאוואש".

## II.

**די אלטע יודישע קריינק, אין דער קרים, א ספר תורה אין ליוואדיער קייזערליכען פאלאץ, יציאות מצרים.**

עס איז בעוואוסט, באלד ווי עס נעמען זיך צוזאממען א מנין יודען ווערט באלד געמאכט א קלאזעל אונ א שטיקעל יודישער אנשטאלט, אונ באלד הויבט מען זיך שוין אן צו קריגען זיך, די יודישע קריינק האב איך אין דעם געגענד אויך בעמערקט.

אין דער שטאט אלעכסאנדראפאל איז שוין אלס 15 יאהר גבאי דער ה. ל. 2) וועלכער

1) איך האב דאנן א צייט פארברענגט אין דעם געגענד.

2) אין מיין ארטיקעל „די קאווקאזער יודען" ווערט געזאגט: דאס דער ה. ל. דיענט אין בארקונסקי פאלק אלעם פאלקאוואי שניידער מעהר אלס צוואנציג יאהר, דאס איז ניט ריכטיג. ה. ל. [דיע]נט ניט אלס זעלנער, נאר ער איז א וואלנאניאמני.



היט אב די שוהל ווי עס געהערט צו זיין אונ גיט זיך די גרעסטע מיה זי ווינטער צו בעהייצען, צו בעלייכטען אונ זיי האלטען אין דער גרעסטער ארדנונג, פון דעסטוועגען אין אזא פערווארפען ווינקעל וואו עס איז נישטא מעהר ווי צוויי פאמיליען קומט פאר צווישען זיי אונ די בעזוכערס פון דער שוהל (סאלדאטען) מחלוקת'ן איבער שוהל זאכען ווי צום ביישפיעל: פאר וואס האט דער ה. ל. געגעבען חיים'ן פון דער זיבענטע ראטע „שלישי" איז עס געקומען פאזאקאנע יצחק'ן פון דער ניינטע ראטע אדער גאר אשער'ן פון דער פופצענטער. עס איז גאנץ גוט דאס דער ה. ל. וועלכער איז אנ'עלטערער אונ א פראקטישער מענש וואס ווייסט שוין ווי אזוי צו פיהרען מיט אייניגע אנטאגאניסטען, פאלס ניט וואלט שוין לאנג קיין שוהל ניט געווען אין א... דאס מחלוקות'ן צווישען יודען האט שוין ניט איין מאהל געבראכט זיי די גרעסטע צרות אונ שאדע פיר לייטען.

ווען רוססלאנד האט אין דער לעצטער קריעג ערווארבען די שטאדט קארס אונ איהר אומגעגענד האבען די ערשטע גענעראל גובערנאטארען לאריס מעליקאוו אונ פראנקאניע איינגעלאדען אינ'ם יאהר 1887-88 אייניגע בעקאנטע יודען זיך צו בעזעטצען אין דער שטאדט קארס. אין פערלויף פון אכט טאג זענען שוין געווען פופצעהן יודישע פאמיליען אין קארס, וועלכע האבען אנגעפאנגען צו מאכען זעהר גוטע געשעפטען אונ פערדיענען שוין געלד. די נאטשאלסטווע ווי אויך די בעפעלקערונג פון פערשידענע נאציאנען זענען געווען פון זיי העכסט צופריעדען; אייניגע פון זיי זענען זאגאר זעהר בעליעבט געווען ביי די גרויסע לייט אזוי דאס איין יודישע פאמיליע האט דער גענעראל גובערנאטאר פראנקאניע צו געשריעבען צו דער קארסער געמיינדע, וועלכע בעקומט נאך עד היום דארט פאסער וואס גיט איהר דאס רעכט צוואר זיי זענען ניט קיין רעמעסלעניקעס צו וואהנען אין גאנץ רוססלאנד.

עס האט ניט לאנג געדויערט האבען זיך די יודען אין קארס אויסגעבויעט א שוהל אונ דעם ערשטען שטיין האט געלעגט דער דאמאלסדיגער גענעראל גובערנאטאר.

נאר אונז יודען אז עס געהט אונז גוט פערגעסען מיר אפט מאהל אן זיך אונ האבען מיט יענעם צו טהון, ווי עס איז דא פארגעקומען ווי אין אללע יודישע שטאדט אונ שטאדטלעך, וועלכע איינם איז ניט בעסער פונ'ם צווייטען.

קיין איינציג מאהל האט מען אין די שוהל ניט געדאווענט בשלום אונ נאך ביי דער ערשטער איינריכטונג האט זיך אנגעהויבען מחלוקת'ן ווער עס זאלל זיין גבאי...

איך דענק דאס ווען די רעגירונג זאלל פון זיך נאזנאטשען איהרם א טשינאווניק פאר א גבאי, וואלט קיין מאהל ניט פארגעקומען קיין מחלוקת'ן אין די יודישע שוהלען אונ בתי מדרשים; נאר אזוי ווי דעם איינציגען ווי מען האט די ערשטע צייט געמאכט משה'ן פאר גבאי, האבען אייניגע געזאגט דאס זיי ווילען ישיהו'ן אונ אנדערע דאס זיי ווילען שמיהו'ן, אזוי לאנג אזוי ברייט ביז מען האט אין גאנצען די ערשטע צייט די שוהל פארמאכט אונ זיי האבען געמוזט געהען, אונ געהען אויך יעצט אין שוהל צו די סובבאטניקעס דאווענען, וואו עס פיהרט זיך גאר אויף אנ'אנדער אופן.

אבער נאך ניט דער מיט האט זיך עס געענדיגט, ווייל עס האט זיך נאך דעם אנגעהויבען ווייבערשע מעשות ווי צ. ב. שרה האט געזאגט דאס לאה פודרוט זיך און דאבע האט געזאגט דאס הינדע איז א אמת׳דיגע גויה, ווייל זי האט מיט איהרע אייגענע אויגען געזעהען ווי זי הינדע שטעלט אויף דעם סאמאוואר אום שבת...

מיט איין ווארט די מחלוקת׳ן האבען געבראכט דערצו דאס מען האט אין פערלויף פון א קורצער צייט דרייצעהן פאמיליען ארויסגעשיקט און 2 פאמיליען זענען געבליעבען, וועלכע גאך זייער ארענטליכע אויפפיהרונג, וואהנען נאך יעצט דארט. די בעפעלקערונג פון דארט האט אפילו זעהר בעדויערט וואס מען האט די איינציגע יודישע פאמיליען ארויס געשיקט, ווייל זיי האבען זעהר אגרויסען נוצען געבראכט דעם דארטיגען מסחור. עס געפינט זיך נאך דארט אויך א יוד ה. ל. א אינזשעניער־פאלקאווניק און דיענט נאך ביז יעצט ביים קארסער גענעראל־גובערנאטאר.

אין דער שטאדט קארס האט מען אינ׳ם יאהר 1891 געשטעלט א מאנומענט דיעניגע, וועלכע האבען זיך ווערהרענד דעם קריעג אויסגעצייכענט. צווישען די העלדען געפונען פיעלע יודישע ערצטע און אויך יודישע פעלדשערם.

אין דער שטאדט טיפליס וואהנען ניט מעהר ווי בערך זעקס הונדערט יודישע פאמיליען, איבערהויפט בעל־מלאכות און זעהר אקליינער פראצענט סוחרים; זייערע געשעפטען זענען דארט איבערהויפט זעהר גוט און איינער דעם אנדערן שטערט ניט אין דער פרנסה.

דער גראספירסט מיכאיל ניקאלאיעוויטש ווערענד ער איז געוועזען נאמיעסטניק אין קאווקאז האט בעשטימט פיעלע יודען צו זיין פאסטאווטשיקעס פונ׳ם הויף, וועלכע זענען עד היום געבליעבען אין דעם טשין.

אין באטום וואו עס וואהנען אין גאנצען צוויי הונדערט יודישע פאמיליען קומט אויך דאס זעלבע פאר ווי אמאהל אין קארס דארט איבער א גבאי און דא מחלוקת׳ן איבער חזן און איבער „שטאדט" אין דער שוהל. דאס אייגענע קענט איהר אויך הערען אין נאוואראסיסקי קערטש און אין אנדערע שטאדט פון דער קרים וואו עס איז מיר אויסגעקומען צו זיין.

ווערהרענד מיין דורכרייזען דורך יאלטע בין איך געגאנגען בעזוכען די דארטיגע שוהל, וועלכע איז צום בעדויערן נאך ניט געענדיגט געוועזען. אויף מיין פראגע וואו זיי דאווענען? האבען זיי מיר דערצעהלט דאס יעדער דאווענט ביי זיך אין דער היים. די ימים־טובים, אויף וועלכער צייט זיי דינגען אב א הויז מיט דער ערלויבניס פון דער פאליציי. וואס אנבעטריפט די ניט געענדיגטע שוהל, וועלכע זיי בויען שוין אזוי פיעל יאהרען, איז אויסער וואס זיי האבען קיין געלד ניט, ווייסען זיי יעצט ניט וואס זיי זאללען טהון, ווייל וואס ווייטער ווערט אין יאלטע ווייניגער יודען.

אין פאטיע האט מיר דערצעהלט דער דארטיגער גביר ה. פ. דאס אין רעליגיעזע בעציעהונגען ליידען זיי דארט זעהר, ווייל זיי האבען דארטען קיין איינציגן בית־המדרש און אין אזעלכע הייליגע ימים־טובים ווי ראש השנה יום־כפור א. ד. ג.



בעגעגנעז זיך די דארטיגע משתדלים אין א מין פאלאטקא אויף צו דאווענען דאס מען פערקעלטעט זיך און מען בעדארף זיך נאכהער קורירען. — אפשר, מיינט איהר, האט ער מיר געזאגט — דאס עס איז קיין געלד נישטא, ניין! עס פעהלען נאר פעהיגע מענשען וואס זאללען זיך אבגעבען, וואלטען מיר געהאט א שטאנדיגע געמויערטע שוהל.

אין ליוואדיע האב איך א דאנק דער ערלויבניס פון א געוויסער פערזאן בעזוכט דאס קאיזערליכע פאלאץ אין ליוואדיע און אין איינעם פון די דארטיגע צימער האט מען מיר אנגעצייגט אקליינעם ארון קודש מיט א ספר תורה אויף גוט פארמעט געשריעבען, וועלכעס שטעהט דארט די גאנצע צייט.

בעזוכען אין פעאדאסיע, די געבורטסשטאדט פונ׳ם בעריהמטען רוססישען חודאזשניק איוואזאווסקע, אויף זיין גאליעריע, האב איך דארט געזעהן זעהר שאן קינסטליך בילד ווי משה רבינו פיהרט די יודען ארויס פון מצרים. קוקען אויף דער רייכער קארטינע ווייזט זיך אויס ווי עס קומט ערשט יעצט פאר.

אין פעאדאסיע האב איך אויך בעזוכט די דארטיגע שוהל, וועלכע מען האט געפונען צוריק מיט זיבעציג יאהר זי איז געוועזען טיעף איינגעגראבען אין דער ערד, אזוי דאס עס האט געדויערט א צייט איידער מען האט זי ארום געגראבען, זי איז שוין זעהר אלט. ווי מען האט מיר דערצעהלט האט מען דאנן אין איהר געפינען פיער פיראמידען צוויי פון זיי האט מען אוועק געשיקט קיין פעטערסבורג זעלכע מען האט נאך ביז יעצט ניט אומגעקעהרט.

אין סעוואסטאפאל געפינען זיך מעהר ווי טויזענד יודישע פאמיליען. וועלכע האבען זייער פרנסה בכבוד און דער דארטיגער בעפעלקערונג לעבען מיט זיי זעהר צופריעדען.

אין דער שטאדט יעווּפאטאריע געפינען זיך איינציגע יודישע פאמיליען. נאר מעהרסטענטהיילס וואהנען דארט פיעלע קאראימען, וועלכע זענען דארט גרויסע סוחרים און מאכען גוטע געשעפטען.

## III.

אמאהל און איצטער, א זעלטענער ארומאן, די השכלה אין דראזשנא. „יודישע מוזשיקעס"

קומענדיג צוריק אין דער „טשערטא" וואו איך בין עטליכע יאהר ניט געוועזען בין איך דערשראקען געווארען זעהענדיג דאס שרעקליכע ארעמקייט וואס הערשט אויף יעדען טריט און שריטט. מען בעגעגענט איבעראלל א מאססע ארומע לייט און עס „בעטלען" ניט נאר אלטע אדער קרענקליכע לייט, פערקעהרט מען בעגעגענט פיעל מעהר יונגערע מענשען, וועלכע וואלטען געארבייט מיט דעם שווייס אבי צו פערדיענען אויף ברויד, נאר ביי וואס האבען זיי צו ארבייטען? מע רייסט איינער דעם אנדערן דעם לעצטען ביסען פונ׳ם מויל. זעהר א שווערע צייט לעבט איצט איבער דער יוד פון דער אומגליקליכער טשערטא, דער יוד געפינט זיין איינציג פערגניגען צו פאנ-

טאזירען אין די אמאהליגע גוטע צייטען דאנן ווען ער האט געהאט פרנסה מיט דעם פוללען מויל און זיי טרייסטען זיך מיט דער גוטער האפפענונג דאס עס וועט זייא נאך אמאהל גוט זיין, ווייל מיר יודען פערליערען דאך ניט די האפפנונג אזוי גיך. ביי אזא שרעקליכען קריזיס אין די געשעפטען, און איבערהויפט פאר יודען איז צום בעוואונדערען זיך פון וואנען לעבען אט די מאססע יודען וואס דרעהען זיך ארום דעם גאנצען טאג אויף דער גאס הין און הער און לעבען נאר מיט דער איינציגער הופט ווייל קיין בעשטימטע בעשעפטיגונגען האבען זיי דאך ניט. עס ווערט זעהר טרויריג אויף דעם הארצען בעגעגענדיג די אויסגעדארטע אבגעקוועלטע און בלאסע געזיכטער, געזיכטער ווי אויסגעקוועטשטע לימאנעס אויף וועלכע עס ליעגט א אבדרוק פון פיעל יעהריגע טיעפען עגמת-נפש.

אפילו אין דעם געבענשטען בעססאראביע אזעלכע ארטער ווי סאראקע, בעלז א. ז. וו. וואו יודען האבען אמאהל אמת געטראסקעט מיט דער ביטש, וועט איהר איצט אויך געפינען דאס זעלבע ארעמקייט און טוידטע יודישע געזיכטער. און וואס קאן דערפון ווערען? — פון אונאויפהערליכע צרות און יסורים שטארבען פיעלע אוועק פאר די צייט און עס בלייבען איבער אייביגע אלמנות, אומגליקליכע אהן ערצויגענע יתומים, און ביי אזא לאנגע וואקסען צווישען יודען ארומע לייט ווי גריבעס אין וואלד...

די איינציגע פראפעסיע פאר דעם יודען איז א קלייטעל אין וועלכע איהר קענט געפינען פערשיעדענע סחורות אויף דער סוממע פון פופציג רובעל, אדער נאך ווייניגער. עס זיטצען אין די קליינע קלייטעלעך דער מאן אדער דאס ווייב, אין וועלכע עס קענען זיך קוים אריין צוויי מיט א האלבען קונה און ווארטען פון דער פריה ביז שפעט אין דער נאכט דאס דער קונה זאל שוין אריינגעהען און זאל שוין געבען צו לעזען די פאר גילדען מען זאל האבען מיט וואס דעם טאג די נשמה צו דערהאלטען. נאר צום בעדויערען איז אפילו אזעלכע קונים אויך נישט דא יעדען טאג און מען בעדארף זיי מיט ליכט זוכען, ווייל אין יעדען שטאדטעל געפינט זיך מעהר קלייטען ווי קונים. די געציילטע יודען וואס האבען א שטיקעל קאפיטאל, און זענען ניט פייהיג זיך אב געבען מיט פראצענט אדער וואכערס זיצען גלאט פארלעגט די האנד און האבען פראסט מורא צו מאכען א שטיקעל געשעפט און וואס זאללען זיי טהון? עס איז גענוג דאס זיי בייטען אללע מאהל דעם רובעל, מיט וועלכען זיי געזעגענען זיך אב און ווייסען גאנץ גוט דאס ניט אזוי גיך קעהרט זיך דער רובעל אום צוריק; נאר פאר פראצענטניקעס און וואכענגעבער איז איצטער א פרעהליך שטיקעל צייט, פונקט ווי די חאליערע, ניט היינט געדאכט, פאר אפטעקען. אלע מוזען אנקומען צו די פראצענטניקעס און זיי ווייסען שוין ווי צובעניטצען זיך מיט יענעמס אומגליקען און ציהען פון זיי ארויס דעם לעצטען טראפען בלוט.

סאראקע (בעססאראביע) איז שוין פון גאנץ לאנג א קאממערץ שטאט. אמאהל



האבען זיך דארטיגע יודען געלעבט „ווי אין אדעס", די פרנסה איז געגאנגען זעהר גוט, קיין שום זאך האט ניט געפעהלט און יעדער האט זיך געלעבט שטילל און רוהיג. מען דערצעהלט זאגאר דאס די דארטיגע יודען איז געוועזען אזוי גוט, דאס פון פערגעניגען פלעגען זיי זיך טאפען ביים קארק ווי זיי האלטען אין געזונד — היינט אבער איז שוין גאר ניט דאס, ווייל דאס ברוידט און טאבאק געשעפט, וואס איז געוועזען דאס איינציגע האנדעלס-פראדוקציאן אין בעססאראביע איז אין גאנצען געפאללען, דאס איינציגע יעצטיגע פערגעניגען ביי די סאראקער יודען איז דאס — זיך אויסצוזעצען אויף די באנק מיט די ווייבער און קינדערלעך און צו הערען מעשות פון די אלטע לייט ווי עס איז אמאהל גוט געוועזען אז מען פלעגט קויפען פאר א רובעל א פוד סטעלניק, פאר צעהען קאפ' א פוד פאפשויען און פאר א רובל א פוד טאבאק.

עס פלעגען אמאהל יודען לעבען פון די „גאלעריעס", אויף דעם דניסטער נאר היינט שיקט מען קיין ברוידט ניט ארויס, און ווען עס מאכט זיך יא אמאהל אזא ארט עקספעדיציע, נעמט עס צו דער פאראחאד זעלבסט, קלאגען זיך נעבעך די סאראקער איינוואהנער.

אין דער שטאדט זאמעחאוו פאד. גוב. האט זיך אזא זעלטענע געשיכטע געטראפען. פלוצים איז קראנק געווארען א ארומאן. וועלכען עס האט קיינער, מחמת גרויס רחמנות, ניט געוואלט צו נעהמען. גאנצע צוויי טאג האט ער זיך געוואלגערט אויף דער גאס און אויף ביי נאכט פלעגט מען איהם אריינגעהמען אין בית-המדרש שלאפען. דאס געלעגער איז נאטירליך געוועזען אונטער דער הרובע.

אין א שאנעם פריה מארגען האט דער ארומאן מחמת אלטקייט און שלאפקייט שוין טאקע ניט געקאנט אויפשטעהען און איז געבליעבען ליעגען אין בית המדרש. יודען זענען דאך אבער רחמנים בני רחמנים, האט מען זיך איבער איהם דערבארמט איהם איבער צו טראגען אין באד-שטיבעל. ארויסטראגענדיג איהם פונ'ם בית-המדרש האט ער זיך מיט אללע כחות געהאלטען ביים רעכטען פוס, חברה שקצים אבער האבען איהם אנגעהויבען ארום טאפען און מען האט ביי איהם געפונען טויזענד רובעל מזומן און וועקסלען אויף טויזענד רובעל מילא דאס פון די מזומנע טויזענד רובעל איז באלד געווארען זעקס הונדערט רובעל איז דאך ניטא וואס צו רעדען, איינציגע זאגען אפילו, דאס עס איז דערביי א גרויסער מופת געשעהען...

נאך דער מעשה האבען אפילו איינציגע יודען אויף איהם רחמנות געקריגען און האבען זיך שוין איבער איהם געריסען, נאר ער איז באלד געשטארבען און דאס שטאדטעל האט זיך צוטהיילט מיט זיין ירושה בסוד.

דער סוד האט אבער ניט לאנג געדויערט ווייל עס האבען זיך געפונען גוטע פריינד וואס האבען דערפון מודיע געוועזען דער פאליציע און עס האט זיך אנגעהויבען געוועהנליכע סליעדסטוויעס. עס האט אבגעקאסט דעם שטאדטעל א שאן קערבעל און די זאמעחאווער יודען וועלען שוין דעם צעהנטען פארזאגען ווי אזוי צו ווערען פרעמדע יורשים...

אין דער שטאדטעל ו׳ איז יעצט גאט זיי דאנק שטילל און רוהיג. מען האט זיך אזוי לאנג גערודפט און פערפאלגט איינס דאס אנדערע איבער פיסטע שטאדט זאכען ביז עס איז שוין ניט דא וועד אויף וועמען זאל שרייבען דאנאסען... פון די דארטיגע גבירים זענען געווארען נגידים. פון די נגידים אבגעקוממענע, פון די אבגעקוממענע קבצנים, און אלץ האט זיך גענומען פון יודישע מחלוקת׳ן.

אונבעשרייבליכעס פערגניגען האט מיר געמאכט דאס שטאדטעל דעראזשנע (באד. גוב.) מיט איהר צו זעהענדיג ווי יונגע לייט, ווי אויך די דארטיגע פרייליין געבען זיך גאנץ ערנסט אב מיט בילדונג. עס איז נאר צום בעדויערן דאס זיי מוזען אללעס לערנען בסוד סודות, זיך בעהאלטען פאר די אייגענע עלטערן, וועלכע וואלטען זיי ארייגעלעגט פאר א רוסישען אבער פאר א יודישען בוך אין דער ח אריין... און אום זיך צו פארהיטען אין זייער אוניווערזיטעט פון לערנען די בעוואוסטע אין דעראזשנע „דאלינע״ (ווייט פון שטאדטיל) דורכפאהרענדיג זוממער פאר נאכט, קענט איהר דארט זעהען פיעלע יונגע לייט מיט ביכער אין די הענד געשמאק לעזענדיג זיצענדיג אויפ׳ן גראז אינטערען הימעל

די יודישע קאלאניע מיידין (צעהן ווערסט פון דעראזשנע) האט מיר נאך מעהר פערגניגען געמאכט מיט איהרע געזונדטע און ארבייטזאמע יודישע קאלאניסטען, די יודישע קאלאניע מיידין איז געגרינדעט געווארען אין דער גיטער אלטער צייט ווען מען האט אונזערע יודען געבעטען צו בעארבייטען די ערד.

א יוד א קאלאניסט איז דאנן ביי פאנאטישע יודען אגרויסע שאנדע געווען, (דערפאר שטאלצירען מיר אבער היינט מיט די יודישע קאלאניסטען) ביז עס איז געקוממען די צייט או מיר יודען זענען ענדליך געקוממען צו דער איבערציינונג ווי גוט עס איז צו האבען איין שטיקעל ערד און רוהיג צו פערדיענען דאס שטיקעל ברויט. נאר צום בעדויערן איז שוין שפעט געווען, ווייל די קאלאניסטען וואס האבען זיך די ערשטע צייט מחמת בושה אויסגעשריבען, האט מען דערנאך בשום אופן ניט געוואללט צונעהמען. די מיידינער קאלאניסטען זענען אלס בויערן צו געשריבען צום וואיטאייצער וואלאסט, וואו זיי בעקוממען פאססער.

פאהרענדיג אין דער קאלאניע אין א שענעם זוממער טאג האב איך געטראפען אין א קליין וועלדעל עטליכע יונגלעך ווי אויך קליינע מיידלעך פאסען שאף. איך בין צו געגאנגען צו זיי און אללע האבען מיר אלס נייעם מענשען ווי פערוואונדערט אנגעקוקט; נאר איינער וואס איז זיך געלעגען אויף דעם גרינעם גראז פערטיעפט אין א בוך האט אפילו די אויגען ניט אויפגעהויבען אויף מיר א קוק צו געבען. איך האב איהם געבעטען מיר ווייזען דאס בוך.

— דאס איז „דער יודישער מוזשיק״ האט ער מיר געענטווערט און ווי ער האט מיר נאכהער דערצעהלט געפינט זיך דיזעס בוך כמעט ביי יעדען קאלאניסט אין מיידאן.

אריינפאהרענדיג אין דער קאלאניע האט מיך געוואונדערט דאס שטיללקייט



וואס האט אין איהר געהערשט, נאר מען האט מיר ערקלערט דאס די מענער, פרויען ווי אויך א גרויסער טהייל פון די קינדער געפינען זיך אין פעלד אויף דער ארבייט, אויסער דעם מלמד פון דער קאלאניע מיט זיין קליינער טשערעדע פון וועלכע עס האט זיך טאקע געהערט שרייען קינדערשע קולות. אריינקוממענדיג צום מלמד האט ער פאר שרעק די יארמולקע אראפגעכאפט, די קינדער זענען שטילל געבליעבען.

דאס לערנען איז לײדער זעהר אהן שום ארדענונג און ניט סיסטעמאטיש. דער אלטער יודישער נסוך נאך מיט א צווינגעל קוועטשען דאס לערנען מיט דעם גראבען פינגער און צו קלאפען מיט דעם פוס און ניט פערשטעהען דאס וואס מען האט איהם געלערנט, זיי זאגען נאך זייער רבי׳ן ווי פאפוגאיעס ניט וויסענדיג און פארשטענדיג וואס זיי זאגען נאך.

די מיידינער קאלאניסטען האבען זייער אייגענע שוהל, אבאיד להבדיל, און יעדער קאלאניסט איז זיך זעהר צופריעדען וואס ער פערשפארט ווי די שטאדטישע יודען צוווארטען אויף אלופטעל. יעדער האט זיך זיין גארטען, עטליכע סטארטעס הייא ארום שטוב, וועלכעס שמעקט זעהר אנגענעהם איבער דער גאנצער קאלאניע מיידין. הלואי וואלט שוין אזוי גיך געשמעקט אין אללע יודישע שטאדלעך פון דער אונגליקליכער טשערטא.

.IV

פוילישע יודין, מחלוקת אין טשענסטאחאוו. יודישע ארבייטער.

קוממענדיג אין א פאר וואכען שפעטער נאהענט געבען ווארשא קיין פוילען האט מיך מעהר פון אללעמען געוואונדערט, דאס די פוילישע יודען האבען איך ווייס ניט פאר וואס, א בעזונדערע, אנטופאקאטיע צו אונז, רוסישע יודען, און רופען אונז ליטוואקעס (?)

א ליטוואק איז ביי זיי ערגער ווי איך ווייס ניט וואס. פון וואנען דאס האט זיך גענומען ווייס איך ניט, מען קאן דענקען אז דאס איז אפשר דערפאר, וואס מיר רוסישע יודען מאכען אין דעם גאנגען געשעפטען און עס ווייזט זיך זיי אוים, דאס מיר האבען ביי זיי צו גענומען די פערדיענסטען. זיי לעבען אבער צווישען זיך אויך זעהר ניט גוט: דאס זעלבע מסרין, מחלוקת׳ן, איבער עליות. קלויז, שוחט, גבאי און רב. אט ווי צ. ב. אין טשענסטאחאוו (פעטריקאווער גוב׳), וואו עס געפונען זיך מעהר ווי צוואנציג טויזענד יודען, איז ביז יעצט געווען זעהר איין אנשטענדיגער און געבילדעטער רב, וועלכען די גאנצע הימע נאטשאלסטווא, ווי אויך די געמיינדע האט זעהר געאכטעט; צום אומגליק האט זיך געפונען צוויי ברענענדיגע חסידים, וועלכע האבען אויף איהם אוים געטראכט א בלבול דערפאר וואס ער האט זיך ערלויבט אדאמע די האנד צו געבען און יעצט, איז אויסער וואס מען האט איהם פונ׳ם

רבנות אבגעזעצט, האט ער נאך אויף זיך א סוד, און ווער ווייסט מיט וואס עס קאן זיך ענדיגען! — ווייטער קומט דא פאר וואונדערליכע זאכען מיט דער דייטשער קלויז, אדער ווי די חסידים רופען זי: „טומאה׳לע״ ... מיט איינעם ווארטע אונזערע רוסישע ווי אויך פוילישע יודען לאזען זיך אומעטום הערען מיט זייער מחלוקת׳ן.

די טשענסטאחאווער יודען האבען גאנץ שאנע פרנסה, ווייל די געשעפטען זענען דא גאר ניט שלעכט. עס געפינען זיך דא מעהר אלס דרייסיג פערשיעדענע פאבריקען, צווישען וועלכע איהר קענט געפונען מעהר אלס צוואנציג יודישע גרויסע פאבריקאנטען, און די פאבריקען ארבייטען אויך פיעלע יודען, נאר צום בעדויערן נאך ניט אזוי פיעל, וויפיעל עס וואללטען געקאנט ארבייטען. ווי צ. ב. אין דער היגער נייע אייזענפאבריק, וועלכע געהערט צום ה׳ קיססין אויס ווארשוי, וועלכען עס קומט א גרויסען דאנק וואס אין אללע זיינע פאבריקען דינגען פארט יודען. האט דער דירעקטאר ה׳ מעערזאהן דא אויך איינגעלאדען יודען צו ארבייטען אלס אייזעני־גיעסערס, וועלכעס איז גראדע ניט אזוי שווער ווי שכל׳דיג, און א גוטער אייזעני־גיעסער קאנן פערדיענען טאג־טעגליך דריי רובל ביי א לאנגען זוממער ארבייט. פון דעסטוועגען האבען זיך פיעלע יודען ענטזאגט נאר איבער דעם איינציגען, דאס די מלאכה איז עפעס זעהר וועניג אנגענעהמען צווישען יודען, אפילו יעצט קומען שוין דא איניגע יודען זיך בעטען ארבייטען, נאר עס איז שוין שפעט, ווייל דער קאמפלעט איז אין גאנצען פערפילט. מען קאנן זאגאר האפפען דאס דער ה׳ מעערזאהן וועט אין יעדער צייט ניט אבזאגען יודישע ארבייטער צו־צו נעהמען.

דא אין טשענסטעחאוו האב איך זיך ענדליך אבגעשטעלט אויסגעגלייכט די ביינער און זיך אבגערוהט פון מיין לאנגע רייזע פון זאקאווקאז, און לויט אייער בקשה, האב איך ערשט דא קוים געפונען צייט צוזאמען נעמען אללע בעמערקונגען וועלכע איך האב אין קורצען אויפגעצייכענט אין וועג און שיק זיי אייך, אויב זיי קענען אינטערעסירען די לעזער פון „הויז־פריינד״ וועט מיר אודאי הנאה טהון.

טשענסטאחאוו נאיאבער 1894 — שאול האכבערג



# ספורים פון תלמוד און מדרשים.

געשריבען פיר דעם „הויז־פריינד״ פון יהושע הלוי מזח מו״ל „גן־הפרחים״

### א. א צדיק און א רשע

אין די צייטען פון רבי שמעון בן שטח זענען געשטארבען צוויי יודען, איינער איז געווען א גרויסער צדיק א חכם, דער צווייטער איז געווען א רשע, א איש רע ובליעל. טראגענדיג די ביידע ארונות האט מען דערהערט א שרעקליכען נייעס: דער שונא איז אריין אין שטאדט, אללע בעגלייטער פון ביידע ארונות זענען געלאפען וואו די אויגען האבען זיי געטראגען, די צוויי ארונות האבען זיי אוועק געווארפען אויף דער גאס, נאר איין מענש, א תלמיד פון דעם צדיק האט זיך מוסר נפש געווען, געבליעבען ביי זיין רבי׳ס ארון היטען איהם, נאכהער האט זיך דאס פאלק צוריק־געקעהרט בעגראבען די צוויי מתים, האבען זיי זיך טועה געווען, זיי האבען געגלויבט דער צדיק ליגט אין רשע׳ס ארון און דער רשע אין צדיק׳ס ארון, דער תלמיד האט געשריגען געוואלד! יודען, איהר האט א טעות. דאס פאלק האט איהם אבער ניט געגלויבט. זיי האבען דעם רשע בעגראבען מיט גרויס כבוד און דעם צדיק האבען זיי מקבר געווען מיט גרויס בזיונות, ווייל גאט האט אזוי געוואלט. דעם תלמיד האט די מעשה זעהר שטארק פארדראסען און עס האט איהם געקרענקט.

בלילה ההוא. אין יענער נאכט איז דער צדיק, זיין רבי, געקומען צו איהם אין חלום, ער האט צו איהם געזאגט: עס זאל דיר ניט פארדריסען אויף דער מעשה. זאל דיך ניט ארגען פאר מיין בזיון, אויך ניט פאר דעם כבוד וואס זיי האבען גע־געבען דעם רשע, מיין שטראף האב איך פארדינט פון גאט. איך האב איין מאל געזינדיגט, מיין חטא איז געווען דאס: איך האב געהערט ווי א שלעכטער מענש

האָט מְכַוֵּון געווען אַחָכָם. ער האָט איהם זעהער שטאַרק בעליידיגט און איך האָב איהם געשוויגען, איך האָב זיך פאַר דעם חָכָם׳ס כָּבוד ניט אָנגענומען, דערפאַר קומט מיר די שטְרָאָף. דער שלעכטער מענש האָט אויך אויף זיין לעבען איין גוטע זאַך געטהון, נעהמליך ער האָט געמאַכט פאַר דעם שַׂר פון שטאָדט אַ סעודה. דער שַׂר איז אָבער ניט געקומען, האָט ער דאָס צוטהיילט אָרעמע לייט דערפאַר קומט איהם דער כָּבוד וואָס די שטאָדט-לייט האָבען איהם געגעבען.

(סנהדרין)

## ב. אַ מענש קען אַללעס

רַבִּי חִיָּא האָט געהאַט אַתַּלְמִיד אין זיין „יְשִׁיבָה", ער איז געווען זעהר פְרוּם. נאָר מעהר ווי אַנדערע מִצְוֹת האָט ער געהיט די מִצְוָה: „צִיצִית", דער תַּלְמִיד איז געווען רייך אויך. וַיְהִי הַיּוֹם, איינעס טאָגעס האָט ער געהערט מען דערצעהלט אַז אויף אַ אינזעל פון יַם איז פאַראַן אַשאָנע פְרויענצימער, אַבעריהמטע פון אַללע שאָני־הייטען, נור ליידער ניט קיין ערענטליכע, ווען איינער וויל איהר בעזוכען, נעהמט זי פיער הונדערט „שֶׁקֶל" זילבער, דער תַּלְמִיד האָט די בעשטימטע סומע איהר געשיקט און זי האָט איהם בעשטימט אַ צייט ווען ער זאָל צו איהר קומען.

צו די בעשטימטע צייט איז דער תַּלְמִיד געקומען צו דער זוֹנָה ביי איהר אין הויז אַריין, די דינסט האָט געמעלדעט: דער מאַן וואָס האָט דאָס געלד געשיקט איז געקומען, די זוֹנָה האָט איהם ערלויבט אַריינקומען צו איהר. דער פרומער תַּלְמִיד איז אַריינגעקומען ער האָט געפינען זעקס זילבערנע בעטען איינע איבער די צווייטע, און אויף זיי שטעהט אַ זיבעטע בעט פון ריינע גאָלד, פון איין בעט צו די צווייטע געהט מען אַרויף מיט אַזילבערנעם לייטער, און פון די זעקסטע צו די זיבעטע מיט אַ גאָלדענעם לייטער, די פרוי נאַקענד איז אַרויף געשטיגען אויף די זיבעטע בעט, זי האָט זיך דאָרט געזעצט, ווי דער תַּלְמִיד האָט אָנגעפאַנגען אַרויף צו געהן צו איהר, האָט איהם זיין הַאַרְץ אָנגעפאַנגען קלאַפּען אַזוי ווי איינער קלאַפּט מיט העק, וויַיל ער האָט זיך ערינערט אָן זיינע צִיצִית און דאַדורך אָן אַללע מִצְוֹת פון גאָטט. שנעל איז ער אַראָפּגעניָדערט, געזעצט זיך אויף דער ערד, און האָט זיך אָן איהר ניט געוואָלט אָנריהרען.

ווי די פרוי האָט דאָס געזעהען האָט זי צו איהם געזאָגט: בעט דיך, דיר מיין העַרר, זאָג מיר וואָס פאַר אַ פעהלער האָסט דו אויף מיר געפונען פאַר וואָס ווילסט דו מיר אַזוי שטאַרק בעליידיגען און אָן מיר זיך ניט אַפילו אָנריהרען, זאָג מיין העַרר איך וויל דאָס וויסען, דער תַּלְמִיד האָט געענטפערט: איך שווער דיר ביי מיין לעבען. איך האָב אַזאַ שאָנע פרויענצימער ווי דו ביסט קיין מאָל ניט געזעהען, און מיר דוכט זיך אַז נאָך אַזאַ שאָנהייט ווי דו ביסט איז גאָר אויף דער גאַנצער וועלט ניטאָ, אָבער אונזער גאָט האָט אונז געגעבען אַמִצְוָה „צִיצִית" וואָס דאַביי שטעהט געשריבען צוויי מאָל „אֲנִי ה׳ אֱלֹהֵיכֶם"! ד"ה איך גאָט בין אייער גאָט. איין מאָל



מיינט ער דערמיט צו זאָגען: איך קאָן בעשטראָפען דעם וואָס פאָלגט מיר ניט, אַצווייטען מאָל מיינט ער מיט די ווערטער „אֲנִי ה׳ אֱלֹהֵיכֶם" איך קאָן בעצאָהלען גוטעס דעם וואָס פאָלגט מיינע מִצְוֹת! אַט זעהסט דו די פיער צִיצִית וועלכע איך טראָג אויף מיר האָבען זיך געשטעלט פאַר מיינע אויגען פונקט ווי פיער עדות, זיי האָבען מיר ערשראָקען, מַתְרֶה געווען, שטריינג פאַרבאָטען איך זאָלל מיין יֵצֶר הָרָע ניט נאָכגעבען, איך זאָלל ניט טהון דאָס וואָס מיינע אויגען זעהען און וואָס מיין האַרץ געלוסט, וואָס ביז יעצט האָב איך יאַ געוואָלט פאָלגען, איך בעט דיך שאָנע אַדעלע פרוי, האָב אויף מיר רַחֲמָנוּת, ערלויב מיר אַוועק צו געהען, צו פערלאָזען דיין הויז טאָמער וועל איך נצול ווערען פון אַזאַ גרויסען חֵטְא, איך וויל ניט זינדיגען פאַר גאָט.

ווי די פרוי האָט געהערט זיינע רייד, האָט זי צו איהם געזאָגט: „איך וועל דיר פון דאַנען ניט אָבלאָזען ביז דו וועסט מיר זאָגען דיין נאָמען, ווי מען רופט דיין שטאָדט וואו דו וואָהנסט, דעם נאָמען פון דיין רַבִּי און דיין בֵּית הַמִּדְרָשׁ וואו דו לערענסט", דער תַּלְמִיד האָט איהר פערלאַנג ערפילט. פאַרשריבען אַלס דייטליך אַזוי ווי זי האָט זיך געוואונשען, זי האָט איהם אַוועק געשיקט און ער איז אַוועק געגאַנגען בְּשָׁלוֹם.

די פרוי האָט גענומען איהר גאַנצען פאַרמעגען צוטהיילט אויף דריי חֲלָקִים. איין חֵלֶק האָט זי געשאָנקען די רעגירונג איין חֵלֶק – די אָרעמע לייט. איין חֵלֶק האָט זי זיך גענומען, אויסער די זילבערנע און גאָלדענע בעטען, זי האָט זיך ריינע פערטיג געמאַכט זי איז געקומען אין בֵּית הַמִּדְרָשׁ וואו רַבִּי חִיָּא איז דאָרטען געווען דער ראש ישיבה, זי האָט צו איהם געזאָגט: איך בעט דיך מיין העַרר! זיי מיר מְגַיֵּיר ווי דער דין איז, איך וועל מעהר ניט זיין אַגאָטצענדינערין. (אַ הײדין). איך פערלאַנג דיין פאָלק זאָל זיין מיין פאָלק און דיין גאָט מיין גאָט. רַבִּי חִיָּא האָט צוא איהר געזאָגט: מיין טאָכטער! פיליכט האָסט דו זיך איינגעליבט אין מיינעם אַתַּלְמִיד? – די פרוי האָט גענומען דעם תַּלְמִיד׳ס כְּתָב פון איהר קעשענע זי האָט געציינט רַבִּי חִיָּא׳ן, זי האָט איהם אויך ערצעהלט די גאַנצע מַעֲשֶׂה פון אָנפאַנג ביז ענדע, האָט רַבִּי חִיָּא געזאָגט: זיי גליקליך מיט דיינעם גוטען „קויף" וואָס דוא האָסט געקויפט, די זעלבע „בעטען" וואָס דו האָסט געוואָלט דעם תַּלְמִיד דורך זיי אונגליקליך מאַכען, וועסט דו איהם בעגליקען מיט קְדוּשָּׁה, און זייט ביידע גליקליך.

דעם רַבִּי חִיָּא׳ס בְּרָכָה איז מְקוּיָּם געוואָרען.

(מדרש תנחומא)

## ג. „גאָטס סטראַפּטשאַ"

עס איז פאַראַן מענשען וואָס זענען קיין מאָל ניט צו פרידען, זיי האָבען אַלע מאָל פרעטענזיעס, זיי שטאַממען פון די פאַמיליע קֹרַח וואָס האָבען ליעב צו זוכען פעהלער און ווילען זיין קריטיקער. אַזאַ בֶּן-קֹרַח האָט אַ מאָל דערצעהלט אַזאַ מין קריטיקע:

אַן אַלמנה מיט איהרע צוויי טאכטער האבען געוואוהנט ניט ווייט פון מיר זי האט געהאט אַ קליין פעלד. וואס דורך די תבואה האט זיך געברויכט זיך מיט איהרע טאכטער מפרנס זיין, ווי זי האט געברויכט אַקערען איהר פעלד איז געקומען אַ כהן צו איהר און האט געזאגט: מען טאר ניט אַקערען מיט אַן אָקס און אַ עזעל צוזאמען. זי האט געברויכט זאען איהר פעלד, האט דער כהן געזאגט מען טאר ניט זאען כלאים. זי האט געברויכט די תבואה שניידען און בינדען גארבען, האט איהר דער כהן בעפאלען זי זאל איבערלאזען „לקט שכחה און פאה". זי האט די תבואה אריינגעפיהרט אין שייער האט ער איהר בעפאלען געבען „תרומה" „מעשר ראשון" „מעשר שני" די אלמנה האט נעביך אַלץ מקיים געוועזען ווי ער האט איהר בעפאלען.

דיא אלמנה האט געזעהען זי קאן דאס ניט דערטראגען. עס בלייבט מעהר ווי העלפט ביי דעם כהן און זי האט פון איהם גרויסע צרות. האט זי דאס פעלד פאר־קויפט און האט געקויפט צוויי שאף, זיך צו ערנעהרען פון זייערע וואלל און פון די שאף וועלכע עס וועלען געבאָרען ווערן. ווי זי האט געברויכט די שאף שעערען. איז געקומען דער כהן און האט געזאגט: מיר געהערט די ערשט געשארענע וואלל (ראשית הגז). די פרוי האט געזעהען זי קאן פון איהם ניט אויסהאלטען האט זי אין הארצען געטראכט: ער פארמיאוסט מיר מיין לעבען. איך האב שוין מעהר קיין כח פון איהם צו דערטראגען, זי האט גענומען און געשאכטען די שאף, פלוצים איז געקומען דער כהן און געזאגט צו איהר: „מיר געהערט די זרוע לחיים והקיבה". די פרוי איז שטארק אין כעס געווארען. זי האט געזאגט: נאכ'ן שעכטען די שאף בין איך נאך פון איהם ניט פריי געווארען, און עס איז גאר ניט מעגליך פון איהם פטור צו ווערן, איך וועל זיי מחרים זיין צו גאטט! אויב אזוי האט דער כהן געזאגט איז דאס אין גאנצען מיינע: ווייל גאטט האט געזאגט „אללע חרם ביי יודען געהערט צום כהן" דער כהן האט געחאפט זיין רויב און אנטלאפען געווארען. די אלמנה מיט איהרע צוויי טאכטער האבען געוויינט אהנע אויפהער.

(ילקוט פ' קרח)

דארום זאגען די חכמים: איז מען זוכה איז די תורה אַ סם חיים, איז מען ניט זוכה ווערט די תורה אַ סם מות.

(יומא)

## ד. דער אומגליקליכסטער מאן.

ביי „אַטישלער" (חרש עצים) האט געארבייט אַ יונגער מאן, געלערנט די מלאכה ווי ער האט די מלאכה ערלערנט, האט ער זיך בעפרייט פון זיין בעל הבית און געמאכט אַליין אַ מייסטערסקע ער האט מצליח געוועזען, מיט דער צייט איז ער געווארען אַ גרויסער מייסטער, זעהר רייך, און גליקליך. זיין הערר אָבער איז געווארען אָרעם און אונגליקליך, ער איז געווארען אַ מחוסר לחם.



דער רייכער בעל מלאכה בעת ער האט געדינט ביי זיין אלטען בעל הבית האט ער געווארפען אַן אויג אויף זיין בעל בית־טע, ער האט זי ליב געהאט מיט זיין גאנצען הארצען, ויהי היום איז געקומען דער אלטער בעל מלאכה צו זיין געוועזענעם לערען יונגעל בעטען איהם הילפע אין זיינע נאטהען, דער נייער גביר האט איינגעווילינגט, ער האט צו איהם געזאגט: שיק צו מיר דיין פרוי וועל איך איהר געבען דאס געלד וואס דו פערלאנגסט. דער אלטער בעל מלאכה האט איהם געדאנקט. געגאנגען נאך הויזע געשיקט זיין פרוי צו איהם. דריי טאג און דריי נאכט איז זי ביי איהם געוועזען, דעם דריטען טאג איז דער רייכער יונגער מאן געגאנגען צו דעם אָרעמען, האט דער אלטער געפרעגט ביי איהם: „וואו איז מיין ווייב, איך האב איהר געשיקט צו דיר מיט דריי טאג צוריק און זי איז נאך ניט געקוממען", דער רייכער האט געענטפערט ווי אַ בעטריגער: „אמת": מיט דריי טאג צוריק איז דיין ווייב געקומען צו מיר איך האב איהר דאס געלד געגעבען זי איז אַוועקגעגאנגען. נאר געהערט האב איך אַז זי האט זיך ארום־געטריבען מיט יונגע לייט. זי איז דיר פאלש... דארום בין איך געקומען צו דיר דערצאהלען די מעשה, איך זארג ניט פאר איהר נאר פאר מיין געלד וועלכע איך האב איהר געגעבען, דער אָרעמער מייסטער איז פארציטערט געווארען הארענדיג אַזא זאך, אַזא נבלה זאל זיין ווייב טהון, דאס איז דאך שרעקליך, ער האט ביטערליך געוויינט און געזאגט: „גיב מיר אַ עצה וואס זאל איך טהון?" דער רייכער האט צו איהם געזאגט, זארגט גאר נישט, איך וועל אייך העלפען. ווייל איך געדענק די חסדים וואס איהר האט מיט מיר געטהון אין מיינע יונגע יאהרען, וואס אייך פעהלט וויל איך אייך געבען, נאר אויב איהר ווילט צוהערען און פאלגען מיין עצה זאלט איהר אייער ווייב ארויסטרייבען פון אייער הויז, גיט איהר אַ גט, און זאל זי געהען וואו זי וויל". — „וואס זאל איך אָבער טהון — האט דער אלטער בעל מלאכה געזאגט — זי האט אַ גרויסע כתובה. און איך בין אָרעם, דער רייכער האט איהם געענטפערט: ניט וויינט און ניט זיפצט, איך האב דאך אייך פארשפראכען צו זיין בעהילפיג אין אייערע נויטען, אט וועל איך אייך לייהען דאס געלד וויפיעל איהר ברויכט צו געבען די כתובה, און אזוי איז געוועזען, דער אָרעמאן האט גענומען ביי איהם דאס געלד בתורת הלואה, געגעבען זיין ווייב מיט אַ גט, איהר ארויס געטריבען פון זיין הויז, און דער רייכער האט מיט איהר חתונה געהאט. ווי עס איז געקומען די צייט פון בעצאהלען, דער אָרעמאן האט ניט געהאט און דער רייכער האט איהם זעהער צוגעדריקט אזוי שטארק אַז דער אָרעמאן האט געמוזט זיך פאר־קויפען צום גביר פאר אַ קנעכט פאר דעם געלד, דער גביר מיט זיין פרוי זענען געזעסען געהאט פערגניגען, דער אָרעמאן האט זיי בעדינט, דערלאנגענדיג זיי אַ בעכער וויין זענען דעם אָרעמאנס טרעהרען אריינגעפאלען אין בעכער, גאט האט דאס געזעהן, דענסטמאל האט ער געשוואָרען זיין צארען צו פארגיסען אויף ירושלים.

(גיטין)

## ה. רבי שמעון און די רויבער

רבי שמעון בן לקיש איז געווען אין זיינע יונגע יאהרען א רויבער, ויהי היום האט ער זיך פארקופט צו די לודים וואס פרעססען מענשען פלייש. ביי זיך האט ער גענומען א זאק מיט א שליידער האלץ, ווייל ער האט געוואוסט: אין דעם טאג וועלכען זיי וועלען איהם שעכטען צום עססען וועלען זיי איין פערלאנג זיינעם ערפיללען. דאמיט — זאגען זיי — ווערט מכפר זייער בלוט פארגיסען. א לאנגע צייט איז ער געזעסען ביי זיי, ער האט דארט געהאט כל טוב. ער איז פעט געווארען, עס איז געקוממען דיין בעשטימטער טאג וואס זיי ברויכען איהם שעכטען און עססען, האט צו איהם דער ראש השודדים געזאגט; דו זאלסט וויסען אז היינט איז דיין לעצטער טאג. פערלאנג פון מיר איין זאך וועל איך דיין וואונש ערפיללען, כדי דו זאלסט אונז מוחל זיין פאר וואס מיר ווילען דיר היינט שעכטען און אויפעססען. רבי שמעון האט צו איהם געזאגט: איך פערלאנג און מיין בקשה איז אייך אללע רויבער צו בינדען מיט נייע שטריק, און יעדען רויבער אוועקלעגען אין שטוב ביים ווינקעל און יעדען רויבער וועל איך געבען צוויי קלאפ מיט מיין האנד. די רויבער האבען איינגעוויליגט, רבי שמעון האט זיי געבונדען מיט נייע שטריק ער האט דעם עלטעסטען רויבער מכבד געווען מיט דעם ערשטען קלאפ אויף זיינע באקקען, יענער האט געעפענט זיין מויל געקריצט מיט די צאהן. דער קלאפ האט איהם שטארק וועה געטהון. האט רבי שמעון צו איהם געזאגט; אזוי? דו לאכסט פון מיר, איך ברויך דיר געבען נאך איין קלאפ. ער האט איהם דעם צווייטען פאטש געגעבען איז יענער געשטארבען, אזוי האט רבי שמעון אללע רויבער געהרגת און איז אנטלאפען געווארען, ער האט זיך אנגעקליידעט מיט א זאק און האט א לאנגע צייט, במעט זיין גאנצען לעבען געטרויערט אויף זיינע זינד וואס ער האט געטהון אין זיינע יונגע יאהרען, ער האט זיך אומגעקעהרט צו גאטט מיט זיין גאנצען הארצען און פון דענסטמאל אן האט ער געשלאפען אהן א קישען און אהן א פערענע (איבערבעט). ער האט צו זיין טאכטער געזאגט; „מיין בויך איז מיין קישען"

(גיטין )

## ו. מען טאר זיך ניט אונטער הערען

פיער מענשען פון ירושלים האבען צוזאממען גערייזט נאך אתונה 1) ווי זיי זענען אהין געקוממען, האבען זיי זיך אבגעשטעלט ביי איינעם פון די שטאדט לייט.

1) די חכמי אתונה פלעגען פיינד האבען די חכמי ירושלים, זיי האבען זיך געהאלטען פאר גראססערע חכמים און פלעגען זוכען געלעגענהייטען צו בעליידיגען די ארץ ישראל יודען. דערפאר ווען א יוד פון ירושלים האט דערטאפט איינעם פון „אתונה" פלעגט ער איהם רודף'ן מיט אלערליי רדיפות. לאכען פון איהם. אבנארען איהם. בעליידיגען איהם. טהון איהם אללערליי להכעיס'ן, דער יוד פון ירושלים האט געהאלטען פאר א יושר א מענשען פון אתונה צו פארפיהרען אין א בלאטע און איהם לאזען דארטען שטעהען, זיי האבען דערמיט געוואלט מקיים זיין: מיט א שלעכטען מענשען דארף מען זיין שלעכט ווי אין פסוק שטעהט „עם עקש תתפל". דערמיט זאָל פארענטפערט ווערען פיעל קשיות וועלכע דער לעזער וואלט האבען צו פרעגן...



ביי נאכט האט ער פאר זיי געמאכט א סעודה, נאכהער האט ער זיי אריינגעפיהרט אין א שלאף צימער דארטען זענען געשטאנען פיער בעטען איינע פון זיי האט געהאט נאר דריי פיס די פיערטע איז געווען אנגעשפארט אויף די דריטע בעט.

ווי זיי האבען זיך געלעגט שלאפען. האט דער בעל-בית ביי זיך געקלעהרט אין הארצען: די ירושלים יודען זענען דאך געוויס חכמים און מבינים. איך וועל מיר שטעלען הינטערן טהיר הערען זייער רייד. וואס רעדען זיי יעצט. ער האט געהערט ווי איינער זאגט: ווי שרעקליך דער בעל בית איז, מיין בעטט איז א צובראכענע, האלט זיך אויף איין האאר. איך קען גאנץ לייכט אראבפאלען, דער צווייטער האט געענטפערט: דאס פלייש וואס מיר האבען היינט געגעססען האט א טעם אקוראט ווי הונדישע פלייש, דער דריטער האט געזאגט; דער וויין וועלכען מיר האבען געטרונקען האט א טעם ווי בלוט פון א געשטארבענעם מענשען' דער פיערטער האט געזאגט: אך ווי שרעקליך זיין פנים איז, ער זעהט אויס אקוראט ווי א ממזר... ביי מיר איז קיין ספק ניט אז עס איז באמת א ממזר.

דער בעל בית האט געהערט זייערע רייד האט ער זיך שטארק ערשראקען, ער האט אין אנפאנג ניט געוואלט גלויבען דאס וואס זיינע אויערען האבען געהערט, ער איז אויפגעשטאנען גאנץ פריה און איז געגאנגען צום קצב פרעגען; וואס פאר פלייש האסטו מיר געסטערן געגעבען, גיב מיר היינט אויך די זעלביגע, דער קצב האט איהם געענטווערט: עס איז מעהר ניטא פון יענע פלייש, ווייל די שאף וועלכע איך האב געסטערן געשאכטען בעת זי איז געבארען געווארען איז איהר מאמע נעבעך געפגרת, האט א הונד אויף איהר רחמנות געהאט און געגעבען איהר זייגען. פון דעם פלייש האסטו געסטערן געגעסען. הערענדיג דעם קצב'ס רייד האט ער זיך געוואונדערט אויף די חכמה פון ירושלים יודען, צו ערקאנען א טעם פון דעם פלייש וואס די שאף האט געזויגען ביי א הונד. פון דארט איז ער געגאנגען צו דעם וויינהאנדלער. ער האט צו איהם געזאגט: זאג מיר דעם אמת וואס פאר א וויין האסט דו מיר געסטערן געגעבען.

— איך האב א וויינשטאק — האט דער וויינהאנדלער געזאגט — וואס וואקסט שוין גאנץ לאנג אויף מיין פאטערס קבר. פון די ווינטרויבען האב איך געסטערן אויסגעקוועטשט און דעם וויין דיר פארקויפט. דער מענש האט זיך זעהער שטארק געוואונדערט. ער האט צו זיך אליין געזאגט: יעטצט זעה איך אז די דריי מענשען האבען אמת געזאגט, דארף איך נאך וויסען אויב דער פיערטער האט אויך רעכט. דער מאן איז געקוממען צו הויזע, ער האט געפונען זיין מוטטער זיצט אין חדר גאנץ אליין, ער האט צו איהר געזאגט: ליעבע מוטטער זאג מיר דעם אמת — ווער איז מיין אמתר פאטער? און וואו וואהנט ער? — די מוטטער האט זיך ערשראקען און געזאגט: וואס איז דאס פאר א פראגע, מיין טהייערער זאהן. וואס האסט דו היינט גראדע ביי מיר געפרעגט אזא זאך. ריידענדיג האט זי געוויינט. ווייל זי האט זיך דערמאנט אן א מאליגע יאהרען בעת זי האט געטהון א חטא — וועה איז מיר — האט

זי געזאגט. ווער האט דאס דיר געמאכט אויפמערקזאם אויף אַזאַ פראגע. דאכט זיך ביז היינטיגען טאג האט קיין מענש דערפון ניט געוואוסט. יעצט וועלען זיך דערוויסען די שופטים וועלען זיי אונז ביידען אַרויסטרייבען פון אונזערע הייזער. ווייל מיין מאן איז געשטארבען און אַללע רעכנען דיר פאר דעם יורש. יעטצט וועלען די קרובים זיינע ביי אונז אַלעס צונעהמען?

— ניט זארג, ליעבע מוטטער — האט ער געזאגט — קיין מענש אין אונזער שטאדט ווייסט ניט פון דיינע חטאים, נאר דו זאלסט זיך מיהע געבען ניט אַריין צולאזען יודין פון ירושלים אין אונזער שטאדט. ווען ניט איז שלעכט, זיי וועללען אַללע ממזרים דערקאנען, ווייל זיי פארשטעהען אויף דעם.

(מדרש איכה)

## ז. אַליין אַריין געפאללען

איין מאן פון ירושלים איז געקומען אין אַתונה, ער האט אָבענד-צייט זיך אָבגעשטעלט אין אַהויז. דארט האט ער געגעסען געטרונקען, ווי ער האט געברויכט געהן שלאפען, האט צו איהם דער בעל-בית פון הויז געזאגט: ביי אונז אין לאנד איז פאראן אַגעוועטען: מען טאר דעם פרעמדען ניט ערלויבען געהען שלאפען ביז ער גיט דריי שפרינג פון שטוב דורך דער טהיער אַרויס אויף דער גאס, (די כוונה פון בעל-הבית איז געוועזען ער זאל אַרויסשפרינגען פון שטוב וועט ער פארשליסען די טהיר וועט יענער מוזען נאכטיגען אויף דער גאס), דער אורח האט איהם געענטפערט: איך ווייס ניט אַקוראט ווי צו ערפילען די געזעטצע, טהוט איהר פריער וועל איך זעהן ווי איהר מאכט וועל איך אויך אַזוי מאכען, דער בעל-הבית האט איהם געצייגט, ער האט דריי מאל געשפרינגען ביז ער איז אַרויס געשפרינגען פון שטוב אויף דער גאס, דער אורח האט זיך געאיילט פארשלאסען די טהיר און געזאגט. יעצט וועט איהר נאכטיגען אויף דער גאס, אַזוי ווי איהר האט געוואלט מיר טהון אַזוי טהוע איך אייך.

(מדרש איכה)

## ח. „אַ חכם פון דעם מה נשתנה אַרויס"

אַ חכם פון אַתונה איז געקוממען אין ירושלים זעהען דארטען די זקנים, חכמים און הערען פון זיי נייע חכמה. געהענדיג אין שטאדט האט ער געזעהען אַחדר וואו קינדער לערנען איז ער דארט אַריינגעגאנגען. ווי די קינדער האבען איהם געזעהען — דער רבי איז דענסטמאהל אין חדר ניט געוועזען — האבען זיי איהם כבוד אָבגעגעבען. דער חכם האט זיי פיעל זאכען געפרעגט, ער האט זיך געוואונדערט צו הערען זייער חכמה: איך וויל אייך פרעגען אַחידה (אַ רעטעניש) אויב איהר וועט זאגען דעם פתרון וועל איך וויסען אַז איהר זענט חכמים, נאכהער זאלט איהר ביי מיר פרעגען אַחידה ווייל איך בין דאך עלטער פאר אייך, די קינדער האבען איהם געענטפערט, ניין, ליעבער הערר. פרעגען אַ חידה וועלען מיר פריהער. און אַזוי וויא איהר זענט עלטער



וועט איהר פריהער דעם פתרון זאגען. אויב איהר וועט פון אונזער חידה טרעפען דעם פתרון, וועלען מיר אייך אָבגעבען אונזערע קליידער. און אויב איהר וועט ניט טרעפען אונזער חידה, וועט איהר אונז אייערע קליידער אָבגעבען. דער חכם האט געענטפערט: גוט, פרעגט אייער חידה איך וויל הערען. איין קינד האט זיך געשטעלט און געפרעגט: „ניין געהען אַוועק, אַכט קומען, צוויי גיסען, איינער טרינקט. זיינע משרתים זענען 24". דער חכם האט ניט געוואוסט צו זאגען דעם פתרון האבען זיי ביי איהם גענוממען זיינע קליידער, ער איז געבליבען שטעהען אין פארצימער נאַקעט.

רבי יוחנן איז געוועזען דער רבי. ער איז געקוממען און זעהט אַנאַקעטער מענש שטעהט אין פארצימער, האט רבי יוחנן צו איהם געזאגט: ווער האט דיינע קליידער פון דיר גענוממען? דער חכם האט איהם דערצאהלט די מעשה פון אנפאנג אן אויך די חידה וועלכע זיי האבען איהם געפרעגט און ער האט ניט געוואוסט צו ענטווערן זאגט צו איהם רבי יוחנן — ניין געהען אַוועק, דאס איז די ניין חדשים וואס די פרוי שוואַנגערט. אַכט קומען אן — דאס איז די אַכט טאג צו די צייט וואס מען ברויך דאס קינד מל זיין. צוויי גיסען — דאס איז די צוויי בריסט און איינער טרינקט — דאס מיינט מען „דאס קינד". 24 משרתים — דאס זענען די 24 חדשים וואס ער זייגט, ביז מען געוויינט איהם אָב פון ברוסט."

דער חכם האט זיך צוריק געקעהרט צו די קינדער, ער האט זיי געזאגט דעם פתרון: זיי האבען איהם די קליידער אָבגעגעבען און געזאגט. ווען ניט אונזער רבי וואלסט דו ניט געוואוסט דעם פתרון (זיי האבען איהם דאס געזאגט ווי איינער רעדט: זיי צופרידען מיט דיינע קליידער צוריק, און פארלאַנג ניט אונזערע קליידער).

(מדרש איכה)

## ט. געזעהן מעהר ווי מיט צוויי

אַ מאַן פון „אַתונה" איז געקוממען אין ירושלים לערנען דארטען חכמה און שפראַכען, דריי יאהר איז ער דארטען געזעסען און האט גאר נישט אויסגעלערנט, ביי זיינעם פאהרען אַהיים האט ער געקויפט אין ירושלים אַקנעכט, איינעם פון די שטאדט איינוואהנער אַגעבארענער אין ירושלים, דער קנעכט איז געוועזען בלינד אויף איין אויג, דער מענש פון אַתונה האט זיך אַליין בעדויערט און געזאגט: אַזאַ לאַנגע צייט בין איך געזעסען אין ירושלים און לסוף האב איך געקויפט אַבלינדען קנעכט. האט צו איהם דער מוכר (פארקויפער) געזאגט. זינדיג ניט און רעד אויף דעם קנעכט קיין שלעכטעס ניט. אמת ער האט גאר איין אויג, ער איז אָבער אַגרויסער חכם, מיט איין אויג זעהט ער בעססער ווי אַנ'אַנדערער אויף צוויי אויגען. ווי דער מענש האט גענוממען זיין קנעכט אַרויסגעגאַנגען מיט איהם דורכ'ן שטאדט טהויער, האט דער קנעכט געזאגט צו זיין הערר: לאָמיר געהען אַביסעל שנעללער וועללען מיר קוממען צו די מענשען וואס געהען פאראויס.

— דו ביזט דאך אבלינדער — האט דער הערר געזאגט — ווי אזוי זעהסט דו אזוי ווייט?

— די מענשען וועלכע געהן פריהר פאר אונז — האט דער קנעכט געזאגט — פיהרען מיט זיך אמויל עזעל בלינד אויף איין אויג. זי איז שוואנגער מיט א צווילינג. אויף איהר איז פאראן צוויי לאגלען איינער מיט וויין און איינער מיט עהל.

— אך וואס פאר ליגען דו קאנסט זאגען — האט דער הערר געזאגט — זאג נאך עטליכע ליגען.

— די מויל עזעלין זענען ווייט פון אונז פיער מייל — האט דער קנעכט געזאגט.

זיי האבען נאכגעיאגט שנעלל און דער הערר האט געפונען אלס ריכטיג. ער האט זיך זעהער געוואונדערט און איהם געפרעגט: ווער האט דיר געזאגט אז זי איז בלינד?

— ווייל איך האב געזעהען — האט דער קנעכט געזאגט — פון איין זייט וועג איז געגעסען געווארען די גראז און פון די צווייטע זייט ניט.

— פון וואנען האסט דו געוואוסט דאס זי שוואנגערט מיט אצווילינג? —

— איך האב געזעהען די זאמד וואו זי איז געלעגען מיט'ן בויך האב איך דערקאנט אויפ'ן זאמד.

— פון וואנען האסטו געוואוסט אז אויף איהר איז פאראן פון איין זייט אלאגעל מיט וויין און פון דער אנדער זייט אלאגעל מיט עהל.

— איך האב געזעהען פון די טראפען וואס האט געטריפט. וויין זינקט אין זאמד טיף אריין, אבער עהל בלייבען די טראפען פון אויבען.

— ווער האט דיר געזאגט די ווייטקייט פון פיער מיל?

— ווייל די טריט פון אמול עזעל ערקענט מען ביז פיער מייל.

דער הערר האט זיין קנעכט געקושט, געבראכט איהם אין אתונה, געגעסען געטרונקען און זיך משמח געווען מיט איהם און נאכהער איהם בעפרייט און אוועק געשיקט אהיים בשלום. (סנהדרין)

## י. נקמה אין אליץ

איינער פון אתונה פלעגט שטענדיג לאכען, מאכען לצנות פון די ירושלים יודען, דאס האט אידען פון ירושלים שטארק פארדראסען, ביי איהם איז געבליעבען צו נעהמען פון דעם ליץ נקמה. ער איז געקומען אין אתונה, אריינגעגאנגען אין הויז פון דעם ליץ און דארטען גענאכטיגט, אויף מארגען זענען זיי געגאנגען אין גאסס האט זיך אשוך פון דעם ירושלמי צוריסען, זיי זענען אריינגעגאנגען צו אשוסטער און ער האט פארגייט, דער יוד האט איהם געגעבען פאר זיינע ארבייט אגאנצען שקל זילבער, דער אתוני האט איהם געפרעגט: פאר וואס האסטו איהם אזוי פיעל געלד געגעבען? איז דען ביי אייך אזוי טהייער שיך? — יא האט דער ירושלמי געזאגט,



ביי אונז קאסט אפאאר שיך זיבען אכט דינר זילבער, און אמאל שטייגען זיי ביז צעהען דינר, דער אתוני האט צו איהם געזאגט: אויב אזוי וועל איך ברייגנגען פיעל שיך אין ירושלים פארקויפען דארטען. וואס זאגסט דו איז דאס פאר מיר אגעשעפט?

— אגאנץ גוטער געשעפט — האט דער ירושלמי געזאגט — נאר איידער דו וועסט אריינקומען אין ירושלים זאלסטו מיר שיקען אנזאגען.

אין אלאנגע צייט ארום האט דער אתוני צוזאמענגעזאמעלט פיעל שיך ער האט זיי געבראכט אין ירושלים, אז ער איז געקומען ביי די טויערן פון שטאדט, האט ער געשיקט זאגען זיין אלטען בעקאנטען ירושלמי אזוי ווי ער האט איהם פערשפראכען; דער ירושלמי איז צו איהם געקומען און האט צו איהם אזוי געזאגט: ביי אונז איז פאראן אמנהג אזוי גוט ווי אגעזעטץ, געהמליך: אפרעמדער האט ניט דאס רעכט אריינצוקומען אין שטאדט איידער ער גאלט אב זיין קאפף און שווארצט אב זיין פנים.

דער אתוני האט געזאגט: דאס איז אשווערע געזעטצע, אבער איך וועל דאס טהון ווייל איך וויל פיעל געלד פערדינען פון מיינע סחורה. ער האט זיך אבגעגאלט, שווארץ געמאכט זיין פנים, דער בעקאנטער זיינער האט איהם אוועקגעזעצט אויבען אן אויף דעם גראסטען מארק פלאטץ, זיינע שיך האט ער אוועק געלעגט נעבען איהם, פיעל קויפער זענען געקומען פרעגען פרייזען, ער פארלאנגט פאר יעדער פאאר שיך צעהן דינר זילבער, די קויפער האבען פון איהם געלאכט זיי האבען איהם גערעכענט פאר משוגע, ווייל ער פארלאנגט צעהן מאל אזוי פיעל מעהר ווי זיי זענען ווערט, זיי האבען פון איהם געלאכט חוזק געמאכט, זיי האבען איהם גערופען פליך קאפף 1).

דער אתוני האט געזעהען און גוט פערשטאנען אז דער ירושלמי האט פון איהם געלאכט האט ער איהם מיט כעס געפרעגט: פאר וואס האסטו פון מיר געמאכט לצנות? האט איהם דער ירושלמי געענטפערט: איך האב דיר געגעבען א גוטען אוראק כדי דו זאלסט וויסען דאס ניט שטענדיג מעג מען מאכען לצנות, מיט איין ערענטליכען מענשען דארף מען זיך ערענטליך בעגעהען. (מדרש איכה)

## יא. זיבען דורות

זיבען מענשען פון זיבען דורות האבען איינער דעם אנדערן געזעהען און בערינגט (פון דעם ערשטען טאג ווי גאט האט די וועלט בעשאפען ביז אליהו הנביא איז ארויף געגאנגען מיט אשטורם אין הימעל) מתושלח האט געזעהען אדם הראשון, וואס גאט

1) בייא זיי פלעגט זיין דער גראסטער בזיון אמענש אהן האר בעוואקסען, די זעלבע געפינען מיר ביי אלישע. די קליינע יונגען האבען איהם גערופען „קרח קרח" האט ער זיי געפלוכט אין גאטטס נאמען און צוויי בערען פון וואלד האבען פון די קינדער צעריסען 42 קנאבען. בדרך כלל אין גאנץ מארגען לאנד געהט מען אין לאנגע באָרד בעוואקסען מיט האר אויפ'ן קאפף און דער וואס איז ניט בעוואקסען אדער ער גאלט זיך אב האלט מען פאר א בזיון

אליין האט איהם בעשאפען, צוויי הונדערט מיט דריי און פערציג יאהר האט ער איהם בעדינט, שם נח׳ס זאהן האט בעדינט מתושלחן 98 יאהר. יעקב אבינו האט צוואנציג יאר בעדינט שם׳ן. עמרם משה רבינו׳ס פאטער האט געזעהען יעקב אבינו׳ס פנים, אחיה השלוני האט געזעהן עמרם׳ן, אליהו הנביא האט געזעהען אחיה השלוני. וואס ער איז געוועזען פון די יוצאי מצרים. די זיבען מענשען זענען דער יסוד פון דער וועלט וואס גאטט ברוך הוא האט בעשאפען.

(נכח כתרח)

# עפיגראממען.

---

א מחבר האט ארויסגעגעבען א ספר׳ל „פייטיל נארר״
און דעם נאמען זיינעם בעהאלטען, ניט געשטעלט אויפ׳ן שער.—
אונז אבער וואלט א סך בעסער געפאלען
ער זאל געוועזען דם ספר בעהאלטען, דעם נאמען ארויסשטעלען—

—

דאס געלד און דער מענש זענען אויף דער וועלט
ביידע צוויי פאלשע זאכען;
מענשען מאכען פאלש געלט
און געלט קען פאלשע מענשען מאכען.

—

די געשמאקע זענען פערשיעדען
אזוי ערקלעהרט און זאגט דער ד״ר גראבער.
„מן״ האבען אמאהל ליעב געהאט די ווייבער ביי יודען
און היינט— היינט האבען זיי ליעב־האבער!

—

פראגע : פאר וואס ניעסט מען אויף דעם אמת?
אנטוואָרט : ווייל ער פערגעהט אין דער נאז.

ז—ן







# נייע ווארטער.

הפך בה והפך בה דכולא בה.

(אבות פרק ה׳)

קעהרסט עס אהער,
קעהרסט עס אהין;
וואס נאר דיין בעגעהר
געפינסט די דארין.

## א.

עס איז אין דער לעצטער צייט צוגעקומען אין דער זשארגאנישע ליטעראטור א רעכט ביסעל נייע ווארטער. אין פלוג איז עס איינענטליך קיין באז נישט; „פון צוקומען — זאגט אויך דער קאפ ניט וועה״, אבי חלילה נישט אבקומען, אין גרונד אבער שטעהט די זאך נאר אנדערש: מען דארף שטענדיג ניט אכטונג געבען, וואס איז אזוינס דאס צוגעקומענע. וועגן דעם מאגערען קערפער קומט צו בלוט און פלייש, איז עס געוויס זעהר גוט; ווענן א מענשען אבער קומט צו חלילה וואסער אין בויך, דאנן איז עס שוין גאר קיין מעלה נישט. און פונקט אזוי ווי מיט׳ן קערפער, פערהאלט זיך עס אויך מיט׳ן מענשענס גייסט. ווענן א מענשענ׳ס שכל ווערט בערייכערט מיט נייע בעגריפפען, ווענן איהם קומען צו נייע געדאנקען, איז עס אודאי א גליק פיר איהם; ווענן אבער זיין זכרון איז געצוואונגען אויפצופאססען עפעס א פאק נייע ווארטער, די צונג רעדט נאך עפעס אסך אונבעקאנטע זילבען, און די געדאנקען האבען דערביי ניט מיט וואס זיך צו קוויקען — א דאנן קלייבט זיך גלאטט אן עפעס א מין גייסטיגעס וואססער אין קאפ, פון וועלכען מען קאנן גאר קיין געדיכטם נישט ארויסשעפען. אזוי האט מען זיך שוין היינט פעסט איבערצייגט אין דער וועלט, אז שפראכענקענטניססע אליין מאכט נאך קיין מענשען ניט קלוג, ניט געבילדעט. און אז איינער וועט זאגען פונפציג מאל

אויף פונפצען שפראכען אז 9 מאל 9 איז 82, בלייבט ער דאך אללעם א נארר, אין פערגלייך מיט דעם, וועלכער ווייסט אקוראט וויפיעל 9 מאל 9 בעטרעפט, האטשע נור אין זיין מוטטערשפראכע אליין. און אזוי איז אומעטום דער געדאנקען דער עיקר, דאס קערפער, אין דאס ווארט, אין וועלכען א געדאנקען ווערט אויסגעדריקט, איז נור א טפל, א מלבוש פיר'ן געדאנקען. מלבושים אליין געבען ווי בעקאנט, דעם מענשען קיין שכל ניט צו אויף א האר ווערטה. וואס קומט ארויס דער פאווע פון איהרע גלענצענד שענע פעדערן, אז זי האט שכל ווייניגער פון דער קאטץ? און וואס איז דער יחוס פון דעם שאנעם פאפאגאי, וועלכער קאנן נאכבעלעמעטשען ווערטער אין אללע שפראכען, אז ער ווייס ניט וואו און ווען זיי צו בענוטצען?

אזוי איז אונז אויך די לעצטע צייט צוגעקומען אין דער זשארגאנישער ליטעראטור א רעכט ביסעל נייע ווערטער. מיר הערען, מיר לעזען, מיר שרייבען זאגאר גאנץ אפט א זעלבע ווערטער, ווי „נאציאנאליזם", „פאטריאטיזם", „קאסמאפאליטיזם", „אסימעלאציע", „ציוויליזאציע", „עמיגראציע", און נאך פופציגערליי אנדערע דעסטגלייכע ווערטער, פערשפיטצט אויף „איזם"ען מיט „אציע"ס צו מיט עפעס אנדערש. און ניט, נור מען פערברויכט די אללע ווערטער, נור אפטמאל האמפערט מען זאגאר איבער זיי גאר ניט אויף כתבות, מע ווערט זיך א מאל בפירוש שונאים איינער דעם אנדערן צו ליב אפאר אזעלכע ווערטער, ווען איינער גיט זיך אויס למשל פאר א נאציאנאליסט און דער אנדערער פאר א קאסמאפאליט, און דער דריטטער קומט און זאגט, דאס ער איז גאר א פאטריאט, און פרובט אויף ציקאוועס, גיט אמאל א חאפ איינעם פון די שטרייטענדע צדדים, און פאדערט ביי איהם, ער זאל אייך קלאר מאכען, מיט וואס איז ער עם נאציאנאליסט, דער אנדערער זאל אייך אויפקלערען, פאר וואס ער איז א פאטריאט, און דער דריטטער — ווי אזוי ווערט מען א קאסמאפאליט, קאנן זיך גאנץ לייכט מאכען, אז קיין איינציגער פון זיי וועט ניט זיין בכח אייך א קלארע תשובה צו געבען, און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס מען ווייסט אליי'ן ניט קלאר, וואס די אלע נאמען בעדייטען, קריגט מען זיך און מען ווערט זיך שונאים איינער דעם אנדער'ן אללעס איבער די זעלבע נאמען. — נור דאס איז נאך ניט גאר דאס ערגסטע. ווען איינער ווייסט עפעס ניט א זאך, איז נאך דא ווייניגסטענס א האפפנונג, אז ווען מען וועט איהם אויסזאגען, וועט ער עס שוין וויסען. פיהל ערגער שטעהט עס מיט די יעניגע, וועלכע זענען גענארט אין דער זאך, עפעס ווייסען זיי דאכט זיך יא, עס איז אבער ניט דאס וואס מען דארף; עפעס האבען זיי געהערט קלינגען, און קאנען ניט נאכזינגען. אט מיט די דאזיגע גענארטע חכמים איז זעהר שווער א קנעלונג צו האבען, ווייל על פי רוב האלטען זיך די תלמידים קליגער פונ'ם רבי'ן. — קעהרען מיר זיך אום טאקי צו אונזערע דריי צדדים, למשל:

— איך — זאגט דער ערשטער — בין א העסער יודישער נאציאנאליסט,



און האב ליעב מיין נאציאן; נמצא, קאן איך ניט ליעב האבען קיין שום אנדערע נאציאן אין דער וועלט.

— און איך — זאגט דער אנדערער — בין א טרייער רוססישער פאטריאט, אין רוסלאנד געבארען, אין רוסלאנד ערצויגען, בין איך א רוססע; פון קיין אנדערער נאציאן וויל איך גאר ניט וויסען, און בעגרייף ניט ווי אזוי קאן א רוססע זיין א יודישער נאציאנאליסט?

— און איך קאן אייך ביידען ניט אנקוקען — פאלט אריין דער דריטטער — איך בין מיר א פרייער קאסמאפאליט, איך געהער דער גאנצער מענשהייט, און פעראכטע א זעלבע קליינע נפשות ווי איהר זענט, וועלכע קאנען זיך פערזוקען אין די ד' אמות פון איין איינציגער נאציאן, אדער פון איין איינציג לאנד.

אט הערען מיר, דאכט זיך, דריי גאנץ קלארע טענות. יעדער פון זיי רופט אויס זיין קרעמיל, לויבט אויס זיין שטיקעל סחורה, און שענדעט אלע איבריגע. קאנען מיר דען אבער אלעמען פון זיי גלויבען? אדער דארפען מיר רעכנען, דאס עס קאן זיין, אז אין אלע דריי קרעמליך ליגען גענארטע שטיקליך סחורה? יא די לעצטע השערה קאן מען גיכער פון אלעם אננעהמען. ווארום דאס איז דאך א כלל, אז די חסרונות, וואס איין שדכן זאגט אויס אויף א צווייטען שדכנ'ס כלה, הערט מען אויס, און מען גלויבט איהם אויך; די מעלות אבער, וואס ער דערצעהלט זיך אן פון זיין כלה געהען אין איין אויער אריין און דורך דעם אנדערען ארויס. — איינער איז אונז מגלה א סוד, דאס ער האט פיינט אלע פרעמדע נאציאנען, מעגען מיר איהם גלויבען. צו האט ער אבער ליעב זיין אייגענע נאציאן? — דאס דארף ער אונז פריהער דערווייזען. איינער שווערט ער האט פיינט זיין אייגענע נאציאן, איז עס אויך פון די זאכען, וואס מען קאן גלויבען; אבער ווי ווייט ריין און טריי זיין ליעבע צום פאטערלאנד געגרייכט, דארף מען נאך פריהער געוואהר ווערען. דעסגלייכען מוז מען לאנג דעם קאפ ברעכען אום צו פערשטעהן, ווי אזוי איינער האט ליעב די גאנצע מענשהייט, און האט פיינט יעדע איינציגע נאציאן בעזונדער; פונקט ווי יענם נאריש קינד, וואס האט אבגעוויינט א גאנצען „טאג" און געשריען אין איין קול, מען זאל איהם געבען נור „ווארמעס"! און וואס מען האט איהם נור דערלאנגט צו עסען, האט ער געשליידערט פון זיך און געשריגען: דאס איז ניט קיין „ווארמעס"!

נור אוועקלעגענדיג כתבות אן אזייט, איז עס באמת זעהר טרויעריג צו זעהען און צו הערען, ווי אזוי מענשען טראגען אויף די צינגער ווערטער, נאמען פון די העכסטע עדעלסטע בעגריפען, און מאכען עס צו אש און צו מיסט, ווארפען זיך אום מיט זיי, ווי מיט שטיקער בלאטע, איינער דעם אנדערען אין די פנימער אריין. און א וועלט מענשען, וואס שטעהען ארום, און א יונגער דור וואס וואקסט ערשט אויף, פערליערען אין גאנצען דאס לעצטע ביסעל אבטונג צו דעם, פאר וועלכעם יעדער דענקענדער מענש קניעט זיך און בוקט זיך ווי פאר א היילינגטהום. יא, עס

איז טרויעריג צו זעהען און צו הערען, ווי אזוי איינער רופט זיך אן יודישער נאציאנאליסט, חאטש ער איז טרף, די קיך זיינע איז טרף, אין שטוב נישט דא א ביסעל יודישקייט, די קינדער ווייסען ניט פון קיין צורת אלף בית, און קיין ארימער יוד טאר זיין שוועללע נישט אריבער טרעטען. אין וואס דענן באשטעהט זיין גאנצער נאציאנאליזם? ער איז ברוגז אויף דעם, וואס דער קריסט איז א פריץ און ניט ער — עס איז נמאס צו זעהען און צו הערען, ווי אזוי איינער גיט זיך אויס פאר א הייסען פאטריאט, ער צולעגט זיך אזש פאר זיין ליעב פאטערלאנד, וועהרענד טרינקען טרינקט ער נאר אויסלענדישע וויינען, און קליידען קליידעט ער זיך און זיין פאמיליע אין אויסלאנדישע צייגען, קענען ניט די לאנדעסשפראכע, ווייסט ניט די געשיכטע פון זיין פאטערלאנד, און אין וואס בעשטעהן דענן זיין פאטריאטיזם? ער האט פיינט "די פארשמאלצענע יודען", און וויל ניט וויסען פון קיין טאקסע, פון קיין שום אנדערע לאסט, וואס איז נוגע די קהילה אדער דעם כלל ישראל. — נור העסליך איז עס צו זעהען און צו הערען, ווי אזוי איינינע מענשען גיבען זיך אויס פיר קאסמאפאליטען, רעדען נור פון דער מענשהייט, פון ליעבע, חאטש אליין זענען זיי שלעכטע, אונפערגינער, ווילען קיין מענשען קיינמאל קיין טובה טהון, ווילען קיין ארעמאן אפילו קיין שטיקעל ברויט ניט געבען. און וואס איז דענן מיט זיי דער חום? זיי האבען פיינט א יודען, אי ניט קיין יודען צוזאמען. — דאגעגען זעהען מיר אפט עכט פרומע יודישע נאציאנאליסטען, וועלכע בילדען זיך און זייערע קינדער אויף דער פיינסטער אייראפעאישער ארט, זיי לעבען זעהר פריינדליך מיט פערשידענע קריסטען, וועלכע זיי האבען הערצליך ליעב, און דאס שטערט זיי דורכאויס ניט צו זיין מיט דעם גאנצען הארצען איבערגעבען זייער נאציאן, ניט אבצוטרעטען א טריטט פון יודישקייט. פונקט אזוי בעגעגענען מיר געוויסע אנערקאנטע פאטריאטען מיט מעדאללען מיט ארדענס אויף די הערצער, אויף וועלכע פארנעהמע קריסטען לעגען דען גרעסטען כבוד, און יענע שעמען זיך ניט פעסט צו שטעהן פיר זייער נאציאן, סטארען זיך שטענדיג טהון טובות יודען און יודענטהום, און דאס שאדעט זיי גאר ניט אין זייער כבוד ביי קריסטען. און דעסגלייכען האבען מיר אויך בעגעגענט פיעל פרייע קאסמאפאליטען, וועלכע זיינען גרייט אין אלע צייט זיך פיר די מענשהייט מקריב צו זיין, און דאך בלייבען טריי אי זייער נאציאן, אי זייער פאטערלאנד, און איינם שטערט נישט דעם אנדערין. — אם כן בלייבט דאך די קשיא: טא וואו זשע איז דענן די גרענעץ צווישען די דאזיגע אלע פארטייען? אין וואס בעשטעהט דער ווירקליכער אונטערשיעד צווישען זיי? אדער פילייכט איז גאר צווישען זיי קיין גרינדליכער אונטערשיעד נישט דא, און דער גאנצער שטרייט איז נור א גענארטער, און די שטעקענס, מיט וועלכע מען שלאגט זיך א נאנדער, זענען עס די פיסליך פון דעם לאנגען באנק, וועלכען מען האט צוברעכען זיך שלאגענדיג איבער איהם, בעת איטליכער האט געוואלט זיך זעצען אויף איהם נאר איינער אליין?

אט דא ליגט ווירקליך בעהאלטען די גאנצע צרה, וואס איינינע מיינען אז



נאציאנאליזם פארערט ניט מעהר ווי שנאה געגען אנדערע נאציאנען, פאטריאטיזם — שנאה געגען אנדערע פעלקער, און קאסמאפאליטיזם — שנאה געגען אלע נאציאנען און פעלקער אין איינעם. ניין, ניט אויף שנאה, נור אויף ליעבע זענען געגרינדעט די אלע אידעען, גרינדען איינע אידעע אויף שנאה איז פונקט ווי בויען א בנין אויף שוועבעל און פעך; עטוואס אנדערש הייסט גרינדען עטוואס אויף ליעבע. נור ליעבע בויעט, שנאה אבער צעשטערט. דער אמתר נאציאנאליזם, וועלכער איז געבויעט נור אויף ליעבע צו זיין נאציאן, קאן זיך זעהר לייכט פערבינדען מיט דער עדעלסטער ליעבע פון יעדען פאטריאט צו זיין פאטערלאנד, אזוי ווי מיט די העכסטער ליעבע פון דעם אמת'ן קאסמאפאליט צו דער גאנצער מענשהייט, און נישט נור עס קאנן אזוי זיין, עס מוז זאגאר זיין אזוי, און גרינדליך בעטראכטען טאר עס גאר אנדערש ניט זיין. — אום דאס אללעס גרינדליכער אויס צו-פיהרען, מוזען מיר די זאך אביסעל ארומנעהמען.

## ב.

פריהער פון אלעס דארפען מיר זיך גרינדליך קלאר מאכען די בעדייטונג פון א זעלכע ווארטער, ווי נאציאנאליזם, פאטריאטיזם, קאסמאפאליטיזם. — נאציאנאליזם הייסט די צוגעבונדענהייט פון א מענשען צו זיין נאציאן. וואס זשע הייסט אבער נאציאן? דאס ווארט "נאציאן" שטאמט אויס דער לאטיינישען שפראכע. אין לשון קודש וואלט עס געהייסען "מולדת", און די בעדייטונג פון דעם איז געבורטשאפט. דער מענש איז פון געבורט, ווי בעקאנט, איינס פון די שוואכסטע בעשעפענישען, און איז דעראיבער די ערשטע יאהרען מעהר איידער אללע אנדערע בעשעפענישען צוגעבונדען צו עלטערין ערציהער און לעהרער, וואס ביי זיי לערנט ער זיך אויס רעדען, דענקען, פערשיעדענע מדות און אלערליי הנהגות; שפעטער — אויך פערשיעדענע מלאכות, און א טהייל מענשען — אויך לעזען, שרייבען, פערשידענע העכערע קענטעניססע, וועלכע הייסען צוזאממען "בילדונג". אין די יאהרען ווערט דאס אויסגעוואקסטע קינד אזוי צוגעבונדען צו זיינע עלטערין, קרובים, ערציהער, לעהרער און חברים, זא ווי אויך צו אלע פרעמדע בעקאנטע, וועלכע וואקסען צוזאממען מיט איהם, דאס נאכהער קאנן ער דאס גאנצע לעבען יענע צוזאממענגעבונדענהייט ניט פערגעסען, און ער פיהלט שטענדיג עפעס א בעזונדערע ליעבע צו די זייניגע. אין גרונד האט יעדער מענש פון דער נאטור ליעב פריהער פון אלעס זיך אליין, און אזוי האט גאטט טאקי די וועלט בעשאפען, און אנדערש וואלט גאר די וועלט קיין קיום ניט געקאנט האבען, אט די איינענליעבע, וועלכע ליעגט טיעף איינגעווארצעלט אין הארצען פון יעדען נייגעבארענעם קינד, ענטוויקעלט זיך

שפעטער אין פאמיליענליעבע, וועלכע איז אין גרונד דיזעלבע אייגענליעבע, נור א ביסעל צושפרייט, ווי א רעדעלע וואס נעהמט ארום דאס שטיפטעל פון דער ספרענזינע, מיטגלידער פון איין פאמיליע זענען געוואהנליך אזוי צוגעבונדען איינער צום אנדערין, זיי מוזען אזוי פיעל און אזוי אפט אנקומען איינער צום אנדערען, דאס עס איז שווער צו זאגען, וואו ענדיגט זיך די ליעבע פון עלטערין צו זיך זעלבסט, און וואו פאנגט אן זייער ליעבע צו זייערע קינדער. פיהלט ניט די מוטער שמערץ, ווען דאס קינד שלאגט זיך עטוואס אב? אדער געהט דעם פאטער ניט אויס דאס הארץ, ווען ער פיהלט, דאס זיין קינד איז הונגעריג? פונקט אזוי גיסען זיך ביים קינד טרערין, ווען ער זעהט די מוטער וויינענדיג, אדער ווען ער הערט דעם פאטער קרעכצענדיג אדער פון אנדערע אומשטענדע הערענדיג. אויף דער זעלבער ארט לעבען זיך אויך ברידער און שוועסטער אזוי נייט און אזוי נאהענט, אז עפעס פיהלען זיי זיך פונקט ווי זיי קאנען איינער אהן דען אנדערען נישט אויסקומען. אט דאס „ניט קאנען אויסקומען איינער אהן דעם אנדערען" איז די אורזאכע, וועלכע בינדעט צוזאמען פיעלע פאמיליעס צווישען זיך, ביז וואנען פון זיי ווערט א גאנצע געמיינדע (קהלה), וואס ביי זיי קאן אויך איינער אהן דען אנדערען ניט אויסקומען אין א סך אופנים, יעדע איינציגע פאמיליע איז ניט אימשטאנדע צו האלטען פיר זיך אליין א רב מיט א דאקטאר, צו בויען פיר זיך אליין א שוהל מיט א הקדש, צו הייצען פיר זיך אליין א באד א. ד. ג., מיט איינעם ווארטע — צו טהון יעדער פיר זיך איינציגווייז דאס, וואס נור א געמיינדע איז אימשטאנדע צו טהון אלע בייזאמען. אט די זעלביגע צוגעבונדענהייט, וואס מיר זעהען פון קינדער צו זייערע עלטערין, פון איינציגע הויזלייטע צו זייער פאמיליע, זעהען מיר אויך פון יעדער פאמיליע צו דער גאנצער געמיינדע אין וועלכע זי לעבט. עס איז אויך אייגענליעבע, נור שוין עטליכע מאהל ברייטער ארומגעדרעהט די ספרענזינע. — יעצט שטעללען מיר אונז פאר, דאס אין איין ארט, אדער אין א סך ערטער, האבען זיך צושפרייט און פערמעהרט צעהנדליגע, הונדערטער, זאגאר טויזענדער פאמיליען, וואס אלע רעכנען זיך פיר ווייטע קרובים פון אוראורראלטע צייטען, אלע רעדען אויף איין שפראכע, אלע האבען בירושה פון זייערע אוראורעלטערין עפעס א סך איינע און דיזעלבע הנהגות מיט צערעמאניעס אין פריידען און אין ליידען, הן אין ימים־טובים און הן אין דער וואכען. אט די אלע הונדערטער אדער טויזענדער געמיינדען פון איין יחוס צוזאמענגענומען הייסען מיט איין ווארט „נאציאן". יעדער מענש מוז ניט ווילענדיג אפילו, זיך פיהלען אין זיין נאציאן פיעל היימישער איידער אין יעדער פרעמדער, און די דאזיגע אנהייננונג, די ליעבע פון יעדעם מענשען צו זיין אייגענער נאציאן הייסט נאציאנאליזם.

פון אנפאנג האלט זיך געוועהנליך יעדע נאציאן אין איינעם, ד. ה. זי בעוואהנט איין געגענד, אדער מעהרערע געגענדען צוזאממענגעבונדען, וועלכע הייסען אין איינעם איין לאנד, זיי האבען חתונה נור צווישען זיך און די קינדער, וועלכע



וואקסען אויס, רעדען די אייגענע שפראכע, וואס די עלטערען, און מען לעבט בכלל בשלום, מחלוקת ווען עס מאכט זיך א מאל וועגען ירושה, וועגען חלוקה, זענען דא אויף דעם שופטים, וועלכע מען קלייבט אויס פון די קליגסטע בכבודיגע זקנים אין דער נאציאן. אזוי זענען אין דער וועלט א מאל געוועזען זעהר פיעל, און היינט זענען נאך אויך פערהאנדען אין געוויסע ערטער, איינצעלנע, אבגעזונדערטע, ריינע נאציאנען, וועלכע ליעבען פונקט ווי זייערע אוראורעלטערין. — געוועהנליך אבער ברענגט מיט דאס לעבען, אז פערשיעדענע נאציאנען פאנגען אן זיך אויסמישען צו ביסליך, איין נאציאן בעוואהנט צ. ב. א לאנד, וואס איז פרוכטבאר אין תבואות, די אנדערע האט ביי זיך פיעל וואלד, די דריטע — א סך שאף און רינדער, די פיערטע וואהנט ביים ים און האט א סך פיש, די פינפטע האט אין איהר לאנד בערג, אין וועלכע מען געפינט פערשידענע מעטאללען א. ז. וו. נאטירליך איז יעדע נאציאן געצוואונגען אויסצובייטען מיט דער אנדערער דאס, וואס זי האט איבריג און יענעם פעהלט, אויף דעם, וואס יענער האט איבריג און איהר פעהלט. אזוי פאנגט אן מסחר צווישען פערשיעדענע נאציאנען, געוויססע געמיינדען, אין וועלכע דער מסחר בליהט צום מייסטען אויף, ווערען זעהר רייך, בויען אויס גאנצע שטאדט, אין די שטאדט געפינען זיך מארק און ירידים, דארטען בעזעטצען זיך פערשיעדענע סוחרים און אלערליי בעלי־מלאכות, רופאים, א. ז. וו. אין די שטאדט קומען צו צייטען, און עס זיצען אויך בעשטענדיג, מענשען פון אנדערע נאציאנען, מיט וועלכע מען לעבט בשלום, כל זמן זיי זענען ווייניג; ווי באלד אבער עס קלייבען זיך אן א סך פרעמדע, קאן שוין קומען צו מחלוקת, ווי אין מסחר קומט פאר. אום א זעלבע מחלוקת איינצושטיללען, זענען דא אין יעדער שטאדט עלטעסטע אבערהערען (נאטשאלסטווא) מיט שופטים ושוטרים, וועלכע זעהען צו פערהיטען די ארדנונג אין די שטאדט און אין די ארומע געגענדען. אט די ארדנונגען ווערען מיט דער צייט צונויפגעזאממעלט, פערשריעבען און פעסטגעזעצט, אזוי אז קיינער זאל זיי ניט טארען איבערטרעטען, און דאס זענען די געזעצע, די דינים פון יעדען לאנד. די אבערהערשאפט אליין זאל אבער ניט קאנען איבערטרעטען די געזעטצע, ווי אזוי איינעם גלוסט זיך, ווערט אין יעדען לאנד פעסטגעשטעלט איין הערשאפט, וועלכער שטעהט איבער אלעמען, און דאס איז דער פירשט, דער מלך, און א מאל דער שופט, דער עלטעסטע אין גאנצען לאנד; מיט איינעם ווארט הייסט עס די רעגירונג, ממשלה, פון דעם לאנד. די רעגירונג זאל אבער האבען בכח אויספיהרען אלעס, וואס זי בעדארף, אויף דעם האלט זי נעבען זיך חיל, וועלכע פאלגען איהר אללעס וואס זי בעפעהלט. אט אזוי א לאנד, וועלכע איז געגרינדעט אויף פעסטע געזעטצטע, און ווערט געפיהרט דורך א שטענדיגע רעגירונג, הייסט שוין א מדינה. די אלע איינוואהנער פון איין מדינה, וועלכע אנערקענען די געזעטצע פון דערזעלבע רעגירונג, הייסען איין פאלק, און יעדער איינצעלנער איינגעזעסענער מאנן, וועלכער ווערט שוין ניט

מעהר בעטראכט אלס פרעמדער אין דער מדינה, הייסט בירגער. „פאלק" אונ „נאציאן" איז געגרינדעט אויף אבשטאממונג, אויף יחוס־אבות, דער בעגריף פון פאלק — אויף דעם צוזאמענלעבען פון מענשען אין איין מדינה. א „נאציאן" בילדעט זיך אויס פון דער נאטור זעלבסט מיט דער צייט, א „פאלק" אבער — דורך מענשליכע מאכט, אין א געוויססען ארט. מענשען פון פערשיעדענע נאציאנען קאנען זיך אין עטליכע דורות אזוי ווייט צוזאמענלעבען, דאס זיי זאלען אין גאנצען אן זייער לעבען אבשטאממונג פערגעסען, אונ בילדען אויס זיך איין פאלק; פון פערשיעדענע פעלקער אבער זאלל ווערען צוריק איין נאציאן, דאס איז שוין זעהר שווער אויסצופיהרען. — איבריגענס קאנן א מענש פיב זיך ניט מעהר געדענקען, ווי צוויי, אמהעכסטען דריי דורות, פון זיך אליין קאן קיין מענש ניט וויסען, ווער זיינע אורעלטערין זענען א מאל געוועזען, אונ וואו זיי האבען א מאל געוואהנט, יעדער מענש געדענקט אבער דאס לאנד, אין וועלכעם ער איז געבארען, ער געהערט דערזעלבע געמיינדע, אין וועלכער ער איז אויפגעוואקסען, ער אנערקענט די געזעטצע פון דעמזעלבען פאלק, אין וועלכען זיין פאטער נאך האט זיך איינגעבירגערט, אונ איז איבערגעבען דער רעגירונג, אונטער וועמעס שוטץ ער לעבט. אדער קירצער גערעדט, יעדער מענש איז געוועהנליך אין לעבען צוגעבונדען דעם לאנד, אין וועלכען ער לעבט, מעהר ווי צו יעדען אנדערען לאנד. — אט די ליעבע פון יעדען בירגער צו זיין פאטערלאנד הייסט „פאטריאטיזם".

## ג.

ווי אזוי אבער זאלען זיך די ביידע ליעבעס, די נאציאנאלליעבע אונ די פאטערלאנדסליעבע, פערהאלטען צווישען זיך אין מענשענ׳ס הארצען? וועלכע פון זיי איז בילכער; אונ וועלכע איינע מעג דער מענש פערביינגען צוליעב דער אנדערע — דאס איז איינע פון די שווערסטע וועלטפראגען, וועלכע האט דער מענשהייט אין פערשיעדענע צייטען גענוג טייבען בלוט מיט גענוג מיליאנען לעבענס אבגעקאסט, אונ דאך איז נאך די דאזיגע פראגע ביז היינטיגען טאג ניט ביי אלעמען צו קיין קלארע תשובה געקומען, וואלט דער מענש געקאנט צוגלייך מיט א בהמה, בעגנוגענען זיך נור מיט דעם אליין, וואס ער דארף האבען פיר זיין ליבליכעס לעבען אונ ווייטער גאר ניט, דאנן וואלט איהם ווירקליך ניט אויסגעמאכט וואו ער וואהנט, אונ צו וועלכער נאציאן ער געהערט: ביי איהם וואלט רעכט געווען הייסען היינט א יוד, מארגען א טערק, אונ איבערמארגען גאר א פראנצויז. דער מענש פיהרט אבער נאך א גייסטיגעס לעבען, ער שאפט זיך געוויססע אידעען, ער בעקומט



בירושה פון זיינע עלטערין א געוויססע רעליגיאן, וועלכע הויבט איהם גאר אויף אין הימעל ארויף, אונ נעמט ארום אין זיינע אויגען ניט נור די וועלט, נור אפילו „יענע וועלט" אויך, די רעליגיאן גיט איהם זיכערע תרוצים אויף אלע זיינע וועלט־קשיות, זי געוועהרט איהם טרייסט אין די גרעסטע אונגליקען, אונ גיט איהם האפפנונג אין יעדער נויט. — אין אלטע צייטען האט יעדע נאציאן געהאט איהרע בעשטימטע רעליגיאן, וועלכע זי האט געירשת פון איהרע אורעלטערין, שפעטער זעהען מיר אבער אין דער געשיכטע, ווי אזוי עס ווערען בעשאפען נייע רעליגיאנען, וועלכע שטרעבען צו ווערען וועלטרעליגיאנען, ד. ה. ארום צו נעהמען א סך נאציאנען אונ פעלקער, אזוי איז צ. ב. דאס קריסטענטהום אין קאנסטאנטינאפאל אונ נאכהער אין רוים געווארען אזוי מעכטיג, אז מען האט ווירקליך געקאנט מיינען, דאס די קריסטליכע קאטוילישע קירכע וועט מיט דער צייט ארומנעהמען די גאנצע וועלט, האט זיך אבער געמאכט ניט אזוי, ווי מען האט געקאנט מיינען, די פאבסטע, די האהע פריסטער פון דער קאטולישען רעליגיאן, האבען זיך אזוי הויך אוועקגעשטעלט, אז מלכים האבען זיך פאר זיי געמוזט בוקען, וועהרענד זיי אליין האבען זיך אבגעגעבען מיט עולם הזה זאכען א סך מעהר ווי מיט עולם הבא, דאס האט נאטירליך געבראכט צו א גרויסער שפאלטונג, די ערשטע זענען אבגעפאלען פון רוים די גריכען, אונ צוזאמען מיט זיי נאכהער אויך די רוססען, דערנאך האבען אנגעהויבען אבפאלען פון רומא דייטשען, האלענדער, ענגלענדער, שוועדען, פראנצאזען א. ז. וו. פון איין קריסטליכער קירכע איז געווארען א סך קירכען, אונ אין גאנץ איירפא איז געווארען א שרעקליכער דור הפלגה. מיר געפינען יעטצט אין איירפא אין איין נאציאן (דייטשען) פערשיעדענע רעליגיאנען אונ פעלקער (קאטולען אונ פראטעסטאנטען, פרייסען אונ עסטרייכער א. ז. וו.). אין איין רעליגיאן (קאטוליציזם) פערשיעדענע נאציאנען (איטאליענער, שפאניער, דייטשען, פאלען א. ז. וו.). אין איין פאלק (עסטרייך) פערשיעדענע נאציאנען אונ רעליגיאנען (דייטשען, פאלען, אונגארן, איטאליענען א. ז. וו. קאטוילען, פראטעסטאנטען, פראוואסלאווניע, מחמדאנער), זעהר ווייניג פעלקער זענען אזוי גליקליך בעגאבט, ווי די רוססען, צום ביישפיעל, וועלכע האבען זיך שוין לאנג אויסגעבילדעט אלס איין נאציאן, וואהנען אלע אין איין מדינה, געהערען צו איין רעגירונג, אונ האבען אלע איין רעליגיאן. די רוססען זענען ווירקליך אין אלע דיעזע הינזיכטען א געבענשט פאלק, אונ פיעל אנדערע פעלקער מעגען די רוססען מיט רעכט מקנא זיין, ווארום יענע אלע פערמישטע פעלקער פעלט דאס וויכטיגסטע, וואס מאכט א פאלק מעכטיג אונ גליקליך — אחדות, אזוי שטעקט גאנץ איירפא שוין אנדערהאלב טויזענד יאהר אויסגעשטעלט ווי צום אייביגען קריעג איין מדינה וואלט געוואלט די אנדערע אויפעסען. די דייטשען קאנען ניט נאכגעבען וואס זייערע בירגער זענען א מאל איבערגעגאנגען צו פראנקרייך, אונ די פראנצאזען קאנען ניט פערגעסען וואס זייערע צוויי פראווינצען זענען איבערגעגעבען געווארען דייטשלאנד. די קאטוילען אין עסטרייך

אונטערדריקען די פּראַוואָסלאַווגע, און די פּראָטעסטאַנטען אין ענגלאַנד אונטערדריקען די קאַטוילען פון אירלאַנד, מיליאָנען מיליטאַר שטעהען אין אייראָפּא גרייט יעדע מינוט איינע די אַנדערע צו פערניכטען. און קיין געאַכטעטער הייליגער גלויבען איז אויך נישט דאָ, וועלכער זאָל שלום מאַכען צווישען די אַלע מדינות, און זיי דערמאָהנען, אַז אַלע מענשען זענען דאָך סוף כל סוף ברידער פון איין אורערשטען פאָטער, ווי אונזער תורה לערינט אונז.

צוקוקענדיג זיך צו דיעזער טרויעריגער לאַגע, האָבען גרויסע קאָפּמענשען אין דער וועלט אָנגעהויבען פערברייטערען אַ זעלבע געדאַנקען: אַז נאַציאָן מיט פאָלק זענען צוויי פערשיעדענע בעגריפען, און נאַציאָנאַליזם מיט פּאַטריאָטיזם קאָנען גאָר איינס דאָס אַנדערע ניט דעקען. אַ מענש איז צוגעבונדען צו זיין נאַציאָן, אַזוי ווי ער איז פון דער נאַטור צוגעבונדען צו זיינע פאָטער און מוטער, ברידער און שוועסטער; אָבער דיעזער באַנד שטערט איהם דאָך נישט צוצובינדען זיך צו אַ פרעמדער פרוי, וועלכע איהם געפאַלט, און ווערען מיט איהר פעראייניגט, אַלס מאַנן און ווייב, און ווערען אויך צוגעבונדען צו איהר איינענע פאַמיליע. און די פּראַקטיק בעווייזט אונז, אַז פון אַ גוטען זוהן ווערט דאָס מעהר אַ גוטער מאַנן, און אומגעקעהרט, אַזוי קאָנען אויך מענשען, וועלכע זענען מיט'ן גאַנצען הארצען איבערגעגעבען זייער נאַציאָן, געהערען מיט לייב און לעבען זייער פאָטערלאַנד. וועלכעס שטאַמט גאָר פון איין אַנדער נאַציאָן, צו זיין נאַציאָן געהערט אַ מענש פון געבורט, אַ פאָטערלאַנד אָבער קאָנן זיך אַ מענש אויסקלייבען, וואו איהם געפעלט, נור אין וועלכען לאַנד איינער בירגערט זיך איין, מוז ער טריי איבערגעבען זיין דען געזעטצען פון דעם לאַנד, אויב ניט איז ער אַ פערברעכער, און ווערט בעשטראָפט, און אַז אַ מענשען איז מעגליך צו טראָגען אויף זיך אַזעלכע צוויי יאָכען אויף איין מאָל, און דערטראָגען זיי ווי מען בעדאַרף, זעהען מיר פון דעם, ווי איינער קאָנן יוצא זיין אַנטקעגען די שולדען פון צוויי פאַמיליען אין איינעם, פון עלטערינ'ס צד און פון דער פרוי'ס צד. — וואו אָבער איז די גרענעץ? ווי ווייט איז איינער מחויב צו זיין איבערגעבען זיין פאָטערלאַנד, און אויפצוגעבען אַ מאָל זיינע נאַציאָנאַלע געפיהלען? — די גרענעץ ליעגט אין דער רעליגיאָן פון יעדען איינציגען. „אַלעס בין איך מחויב אויפצוגעבען, ווען דאָס פאָטערלאַנד פאָדערט עס פון מיר, זאָגאַר דאָס לעבען אין דער צייט פון אַ מלחמה, אַ חוץ— מיין אמונה. אויף מיין אמונה האָט מיר קיינער אין דער וועלט ניט קיין דעה צו זאָגען, אַ חוץ גאָטט אַליין ביי מיר אין הארצען" און ביסליכווייז ווערט עס אויך אַזוי דורכגעפיהרט, וואו מעהר אַ ביסעל, וואו ווייניגער. די פרייהייט פון יעדען מענש צו דענקען ווי אַזוי ער פערשטעהט און ווי אַזוי איהם געפאַלט, אַבי ער טרעט ניט איבער קיין געזעטצע, הייסט ליבעראַליזם, פונקט דאָס אומגעקעהרטע פון ליבעראַליזם, איז דער פאַנאַטיזם. וועלכער וויל צווינגען דען צווייטען צו דענקען נור ווי אַזוי איהם געפאַלט, און ניט אַנדערש. פאַנאַטיזם און ליבעראַליזם



בעמערקט מען מעהר פון אַלס אין רעליגיאָנס זאַכען, וואָרום וואָס האָט נאָך אַזוי פיעל צו טהון מיט געדאַנקען ווי רעליגיאָן?

נון, מוזען מיר יעצט בעטראַכטען נאָך איינע און דען לעצטען פונקט. איינמאָל בלייבט עס ביי אונז פעסטגעזעצט, אַז נאַציאָנאַליזם קעהר זיך גאָר מיט בירגערטהום ניט אָן; קאָן דאָך איינער טאַקי זאָגען: „וויל איך גאָר אין ערגעץ קיין בירגער ניט זיין! איך וויל מיר גאָר לעבען ווי אַ פרייער פויגעל, און אומפליעהען, וואוהין די אויגען וועלען מיך טראָגען!" יאָ, אַ זעלבע מענשען גיט עס אויך אין דער וועלט, נור ווייסט איהר ווי אַזוי זיי הייסען? וואַגאַבאַנדען (בראָדיאַגעס), וועלכע קאָנען זיך אין ערגעץ קיין אָרט ניט געפינען, ווייל אין קיין מדינה האָט קיין אומה ולשון צו זיי קיין צוטרויען נישט, די דאָזיגע מענשען ווילען זיך אָנרופען קאָסמאָפּאָליטען, וועלט בירגער; נור עס איז נאָך ווייניג, וואָס איינער גיט זיך אַ פאַמיליענאַמען „קלוגער" ווען ער איז אָבער פון דער נאַטור פאָרט אַ נאַרר. — יאָ אמת, גרויסע קעפּ אין אַלע געבילדעטע לענדער גיבען זיך שוין לאַנג אָב מיט דעם געדאַנקען, ווי אַזוי איין אייביגען שלום איינצופיהרען אין אַלע מדינות, ווי אַזוי צו גרינדען אין דער וועלט עפּעס אַ מין סנהדרין פון אַלע נאַציאָנען, וועלכער וועט אויסגלייכען אַלערליי מחלוקת צווישען איין מדינה מיט דער אַנדערער. דאַנן וועט מען ווירקליך קאָנען אומעטום אָבשאַפען דאָס מיליטאַר, מען וועט פריי מאַכען אומעטום די גרענעצען, און די גאַנצע וועלט וועט ווערען ווי איין שטאָדט, און דאָס גרויסע ערדעלע געפיהל פּאַטריאָטיזם וועט דאַנן ווערען גאָר אויס מאָדע, וואָרום מען וועט עס מעהר ניט בעדאַרפען. פונקט ווי זעגעלשיפען זענען אַרויס פון דער מאָדע, זינד דאַמפשיפען זענען אין דער גאַנצער וועלט איינגעפיהרט געוואָרען.— אָבער ביז יענע געבענשטע צייט וועט נאָך אַ מאָל קומען, מוז יעדער מאַנן זיין ערגיץ וואו אַ בירגער, און דערצו אויך אַ פּאַטריאָט; אַנדערש קאָן ער אַלס מענש קיין פאָללען ווערטה נישט האָבען. און ווען איינער זאָגט אונז יעצט: „איך בין אַ קאָסמאָפּאָליט", און קאָן נישט אָנווייזען צו וועלכען פאָלק ער געהערט, און צו וועלכע נאַציאָן ער איז צוגעבונדען, איז פונקט ווי איינער זאָל מיר זאָגען, ער וואוהנט אין וואַרשאַ, נור קיין אַדרעס קאָנן ער מיר ניט אָנווייזען, וואָרום ער האָט דאָרטען אין ערגעץ קיין היים ניט, ווי דער אַזוי יענער איז אַ „בראָדיאַגע", און ווייטער נישט.

אַלזאָ איז פאַמיליענליעבע גלייך צו יעדען מענשענס דירה, וואו ער פיהלט זיך מעהר ווי אומעטום ביי זיך אין דער היים; נאַציאָנאַליזם איז דער הויף, אין וועלכען איינער וואוינט צוזאַמען מיט אַלע נאָהענטע בעקאַנטע און פערוואַנדטע שכנים; פּאַטריאָטיזם איז די גאַסס, וואו ער האָט זיין געשעפט, וואו ער בעגעגענט זיך מיט מענשען, און וואו ער בעקומט אַלעס נעטהיגסטע, וואָס ער בעדאַרף צום לעבען, און קאָסמאָפּאָליטיזם איז גלייך צו דער גאַנצער גרויסער שטאָדט, אין וועלכער איינער וויצט. אָבער איין מענש קאָן אַ

גאנצע שטאדט ניט בעוואהנען, אזוי קאן קיין מענש אויך ניט זיין בלויז א קאס־מאפאליט, און נישט אנגעהערען צו קיין פאלק און צו קיין נאציאן.

*

מיר יודען פון דער גאנצער וועלט זענען איינע פון די עלטעסטע נאציאנען. דורך דער שפראכע, אין וועלכער די תורה איז געשריעבען, דורך אונזער „לשון הקדש" זענען אלע יודען פון דער גאנצער וועלט פעסט צוזאמענגעבונדען, און קאנען זיך איינער דעם אנדערען לייכט פערשטאנדיג מאכען. — צו קאנען מיר יודען זיין פאטריאטען? — יא, ניט נור מיר קאנען עס — מיר מוזען עס זאגאר זיין, ווייל אונזערע געזעטצע בעפעהלען יעדען יודען פאטריאט צו זיין אין יעדען לאנד וואו ער וואהנט נור און מיר האבען עס שוין אין פיעלע טויזענדער פאללען בעוויזען אין אלע צייטען און אין אלע ארטער. נאציאנאליזם איז אונזער יחוס, פאטריאטיזם איז אונזער שטאלץ.

ווען איינער וועט דיך אלזא פרעגען: „וואס ביזט דו: נאציאנאליסט? פאטריאט? חסיד? מתנגד? חובב ציון? אדער וואס?" מעגסט דו איהם ענטווערען: „א יוד בין איך!" און אין דער איינער תשובה ענטהאלט זיך שוין ממילא אלעס וואס אין דער וועלט גיבט נור גוטעס, שאנעס אונד הייליגעס. — הפך בה והפך בה דכולא בה! קעהרסט עס אהער, קעהרסט עס אהין, וואס נור דיין בעגעהר, געפינסט דו דארין.

בן־דוד.





# געגעסען!

## א בילד פון ד. פרישמאן.

א מעשה פון דריי וואס האבען געגעסען...

און ווי חמארעס שטייגען אויף אין מיר ביסליכווייז די ערינערונגען אן יענע דריי, און ווי א חמארע לייגט עס זיך אויף אלעס וואס איז דענצמאל געשעהן, און איך זעה אלעס נאר ווי דורך א טומאן — דען לאנג, גאר לאנג איז די צייט פון דענצמאל ביז יעצט.

און פלוצלינג גאר מיין איך אז ניט א חמארע, נאר א הייליג פייער שטייגט אראב פון הימעל, אום צו בעלייכטען און צו בעשיינען אלעס וואס האט זיך דענצמאל אבגעטהון, און עס גיעסען זיך גאנצע טייכען ליכט, און עס פלייצען און ציהען זיך טויזענד העלע שטראהלען, און עס בליצט און גלאנצט און לייכט זיך און וויל גאר ניט אויפהערען...

און פארט איז עס איין איינפאכע מעשה, און פארט איז עס נאר א מעשה פון דריי מענשען וואס האבען געגעסען.

ניט אין איין איינפאכען, געוואהנליכען טאג האבען זיי געגעסען, נאר אין יום־כפור, א יום־כפור וואס איז געפאלען אום שבת; ניט בעהאלטענערהייט וואו קיינער זעהט ניט, נאר אפענטליך, אין דער גרויסער שוהל, פאר דעם גאנצען עולם; און ניט עפעס איינפאכע, געוועהנליכע מענשען זענען יענע דריי געוועזען, וואס קיינער קען זיי ניט און קיינער ווייס זיי ניט, נאר די גרעסטע חשובים, די אנגעזעהנסטע, די בעקאנטעסטע פון דער גאנצער שטאדט: דער רב און די ביידע דינים. — און פארט זענען זיי געבליבען אויף ווייטער די גרעסטע חשובים און גאנץ קהל האט אויף זיי געקוקט ווי מען קוקט אויף הייליגע מלאכים...

און וואהרענד איך שרייב יעצט דאס דאזיגע, דא געדענק איך, אז שוין דענצמאל בשעת מעשה האב איך פיעל געקלערט און געטראכט, און מיר איז עפיס ווי א חשד

אים הארץ געוועזען. אך, איך נאריש קינד, וואס איך האב דענצמאל נאך ניט געקענט פארשטיין וואס עס קען זיך אבטהון אין די נשמה פון א מענש! אונ פארט האב איך דאך דענצמאל שוין עפעס ווי ארויס געפיהלט אז די דריי האבען א זעהר גרויסע זאך געטהון, אונ הייליג זענען זיי אונ גרויס אונ ריין, אונ ווער ווייס ווי שווער עס איז זיי אנגעקומען. ווער קען וויסען וואס פאר א מלחמה דאס האט זיי געקאסט! ווער קען וויסען וואס זיי האבען דאביי געליטען אונ דערטראגען!...

אונ ווען איך זאל גאר לאנג לעבען אונ ווען איך זאל מתושלח'ס יאהרען האבען — יענעם טאג אונ יענע מענשען וועל איך קיינמאל ניט פערגעסען. יענע מענשען, אך, זיי זענען דאך אמת'ע העלדען געוועזען!...

אונ ווי חמארעס שטייגט דאס אללעס אין מיר אויף — אבער איין מינוט שפעטער אונ גאנצע טייכען ליכט אונ טויזענד העלע שטראהלען ברעכען זיך ארויס דורך די דאזיגע חמארעס אונ גיעסען אונ פלייצען אונ ציעהען זיך אהער ביז צו מיין טישעל אונ ביז אויפ'ן פאפיער וואס איך שרייב דארויף די דאזיגע ווערטער...

אונ מיט דעם גאנצען הארצען אונ מיט דעם לעבען גערען שרייב איך זיי!

אך, עס זענען שלעכטע, ביטערע טאג דענצמאל געוועזען, ווי נאך קיינמאל נישט צופאר אונ קיינמאל נישט דערנאך. איין אומגליק איז געוועזען פון הימעל געקומען — צום ערשטען מאל איז עס געקומען — אונ גערופען האט מען'ס: די חאלערא!...

פון ווייטע לאנדער פון אזיען, איז זי געפאהרען, אונ צו אונז, צו אונזער קליין שטאדטעל איז זי געקומען; אין דער גאס האט זי אומדערבארימליך רעגירט אונ אין די שטובען האט זי אהן איין אויפהער געהארגעט; פאמעליך איז זי דורך די נאכט געצויגען אונ אומגעזעהען ביי העלען ליכטיגען טאג — ווער קען די טויטע ציילען וואס זענען אין יענע טאג געשטארבען? ווער קען זיי אנרופען ביי די נאמען אונ ווער ווייס דעם חשבון פון די פרישע בארגלעך, פון די נייע קברים?...

אונ איבער הויפט האט די מגפה אין דער יודישער גאס געארבייט — ווי די פליעגען איז מען געפאלען, יונג אונ אלט, רייך אונ ארעם, אונ עס איז קיין הויז נישט געוועזען וואו דארטען זאל נישט זיין חאטש עטליכע טויטע.

אויבען אין דעם דאכשטיבעל איבער די וואוהנונג פון מיינע עלטערן זענען אין איין טאג ניין נפשות געפאלען; אונטען אין דער קעלער־שטוב אונטער אונז איז א מאמע מיט פיער קינדערלעך געשטארבען, אונ אין דעם הויז אנטקעגען אונז האבען מיר די געוואלדען די גאנצע נאכט געהערט אונ אין דער פריה האבען מיר זיך דערוואוסט אז עס איז קיין איינציגער מענש דארט לעבען געבליבען...

אונ די מתעסקים זענען אבגעשטאנען אונ די גראבער זענען מיד געווארען אונ האבען נישט מעהר געקענט די ארבייט בייקומען. ווי זאמד זענען די טויטע אויף דער ערד געלעגען, א גוף נעבען א גוף, אונ קיינעם האט עס מעהר נישט געארט. וואס איז דענצמאל גאר א מענש געזאטשעט געוועזען? ווער האט דענצמאל שוין געקוקט דארויף?



אונ אזוי איז דער זומער אוועק, אללע מאל ווייטער אונ ווייטער, אונ דערנאך זענען די הייליגע טאג געקומען. אונ דערנאך דער הייליגסטער טאג פון זיי אללע — דער יום-כפור.

אונ דאס איז דער טאג פון וועלכען איך האב געזאגט, אז קיינמאל וועל איך איהם נישט פארגעסען!

אט איז דער כל-נדרי!

פאר'ן עמוד ביים ארון-קודש שטייט דאס מאל ניט דער חזן מיט צוויי חשובע בעלי-בתים, נאר דער רב שטייט מיט זיינע ביידע דיינים. ארום אונ ארום ברענען די ליכט, אונ די פלאמען ברענענדיג קנאקען זיי פאמעליך. דער עולם שטייט צו דער וואנד, איינגעהילט אין די טליתים אונ אין די ווייסע קיטלען אונ ווייסע יארמאלקעס אונ ווייסע גארטלען. אויף די וואנד פליסען די שאטענס אהין אונ אהער אונ שאקלען זיך אהנע אויפהער, אונ פיעל שטייען אונ קוקען אן די שאטענס אויף די וואנד. זענען עס אפשר די שאטענס פון די טויטע וואס זענען היינט, וואס זענען נאכטען, וואס זענען אייערנאכטען געשטארבען? שאקלען זיי זיך דא אויף די וואנד? קענען זיי נישט איינרוהען אין זייערע קברים אונ זענען דא אהער געקוממען?...

שטיל! דעם רב'ס קול הערט זיך יעצט, אונ דערנאך דאס קול פון די דיינים — אונ דערנאך ציטערט עס ווי א קרעכץ דורך דעם גאנצען עולם:

אונ נאך דעם קרעכץ הערען זיך ווערטער. אה! מען זאגט: „על דעת המקום ועל דעת הקהל — מיט דער דעה פון גאט אונ מיט דער דעה פון קהל זענען מיר מתיר צו דאווענען צוזאמען מיט די בעלי עבירה!״

אונ איך הארך אונ הארך. צו וואס רעדט דאס דער רב אזאלכע רייד? וואו זענען דאס היינט פערהאנדען בעלי-עבירה'ניקעס? צו וואס דערמאנט ער גאר היינט אזא ווארט? האט ער נישט מורא פאר דעם שטן אזאלכעס היינט צו דערמאנען, היינט, אין אזא צייט, אין אזא ביטערער, אומגליקליכער צייט?...

אונ א מורא, א פינסטערע, וויסטע מורא פאלט אויף מיר פלוצלינג, אונ איך מיין אז די זעלביגע מורא פאלט אויף אלעמען וואס זענען דא אין שול אויף אלט אונ יונג...

אונ פלוצלינג דערזעה איך ווי דער רב געהט ארויף אויפ'ן בלעמער. וועט ער היינט א דרשה זאגען? וויל ער דעם עולם טרייסטען אונ שטארקען?...

אבער איך הער אז ער זאגט נישט קיין דרשה — עפעס נייעס איז עס, א נייער מנהג וואס איז פריהער גאר נישט בעקאנט געוועזען; דען ער שטייט אונ איז מזכיר נשמות אלע טויטע וואס זענען געשטארבען אין דער לעצטער צייט, אין די לעצטע טאג. אך, ווי לאנג איז די מאס אונ ווי גרויס איז די צאהל פון די נאמען וואס ער דערמאנט יעצט! די מינוטען גייען אוועק, א מינוט נאך א מינוט, א מינוט נאך א מינוט, אונ דער רב איז נאך נישט ביים סוף. וועט גאר קיינמאל די לאנגע רשימה ניט אויפהערען? וועט שוין דאס אייביג, אייביג דויערן?...

און פלוצלינג פאלט מיר איין, אז דער רב וואלט טויזענדמאל גלייכער מאכען ווען ער זאל די לעבעדיגע, וואס לעבען נאך, אויסרעכענען – דען זיי זענען דאך שוין אזוי ווינציג, אזוי קנאפּ, אז אין א פּאר מינוט קען מען פאַרטיג זיין מיט זייער אויסרעכענען, ווארענד די רשימה פון די געשטארבענע איז אזוי לאנג, אזוי אונגעהייער לאנג, אז זי נעמט קיין מאל נישט קיין סוף איין...

און יענעם אבענד וועל איך קיינמאל נישט פארגעסען און אויך דאס דאווענען דענצמאל וועל איך אייביג געדענקען! אך, עס איז דאך גאר קיין דאווענען נישט גע־וועזען, נאר א קרעכץ, א גרויסער לאנגער קרעכץ וואס האט זיך ארויס געבראכען פון דעם טיעפעניש פון הארץ, אום ביז צו די וואלקענס צו שטייגען און די הימלען דורך צו לעבערען! נאך קיינמאל נישט האבען יודען מיט מעהר א צובראכען און צוריסען הארץ געדאווענט, נאך קיינמאל נישט האבען הייסערע טרערען אין מענשען'ס אויגען געברענט...

אין יענער נאכט האט קיינער נישט די שול מעהר פערלאזט. נאך דעם דאווענען האט מען שירי היחוד געזונגען, און נאך די שירי היחוד האט מען תהלים געזאגט, און נאך דעם תהלים האט מען משניות געלערנט, און נאך דעם משניות האט מען זיך צו די אנדערע הייליגע ספרים גענומען...

און איך שטיי ביי נאכט אין דער שול, און ווי חמארעס און ווי א טומאן לאזט זיך עפּעס אראב אויף מיר און לייגט זיך מיר אויף די אויגען און מאכט מיך בעטויבט – עס רוישט אין מיר עפּעס און איך ווייס נישט וואס:

„ומלאכים יחפזון, חיל ורעדה יאחזון – און מלאכים פלאטערן, און שרעק און ציטערן חאפּט אלע אן" – און פלוצלינג מיין איך אז איך זעה זיי אלע דורך די חמארעס און דעם טומאן, און די מלאכים שטייגען ארויף און אראב, ארויף און אראב...

און צווישען זיי דערזעה איך פלוצלינג אויך דעם שלעכטען מלאך מיט די אויגען אהן א צאהל, פון קאפּ ביז צו די פיס איז ער פול מיט אויגען – אך, די אויגען, די אויגען!...

אין יענער נאכט האט קיינער נישט די שול פערלאזט – און פּארט האבען אין דער פריה עטליכע געפעהלט ארויס פון דעם מנין. צוויי זענען אין דער נאכט דענצמאל פלוצ־לינג א נידער געפאלען און נישט מעהר אויפגעשטאנען, און אזוי זענען זיי געשטארבען צווישען עולם אין דער שול, נאך אין די טליתים און די קיטלען איינגעהילט, אזוי אז זיי האט כמעט שוין גאר נישט געפעהלט אום אריבער צו פאהרען פון לעבען אין דעם טויט אריין...

און אויס דער יודישער גאס קומען נאכריכטען אין שול אריין, נאכריכטען ווי נאך קיינמאל נישט צופאר און קיינמאל נישט דערנאך – אבער אין דער שול הארט קיינער נישט און פרעגט קיינער נישט און קיינער איז נישט נייגיעריג, דען יעדער איינציגער האט מורא צו הערען און צו וויסען וואס עס טהוט זיך ביי איהם אין דער היים..



און יענע נאכט וועל איך קיינמאל נישט פארגעסען, און ווען איך זאל גריי־גרוי אלט ווערען און ווען איך זאל לעבען אפילו אזוי לאנג ווי מתושלח! אבער טויזענד מאל פירכטערליכער איז געוועזען דער טאג דארויף, דער יום־כפור, און פירכטערליך איז געוועזען אללעס וואס איך האב געזעהען און געהערט אין יענעם טאג – און דאס אייגענטליך איז די עיקר – זאך וואס איך מיין צו דערציילען.

און נאך היינט, ווען איך מאך צו אויף איין מינוט מיינע אויגען, זעה איך נאך פאר מיר יענע סצענע, און אפּטמאלס מיין איך אז איך שטיי נאך יעצט אין דער שול דארט צווישען דעם עולם...

אט איז יום־כפור נאכמיטאג!

אויף דעם בלעמער אין דער שוהל שטייט דער רב און זיין הויכע געשטאלט, און זיין קאפּ האלט ער שטארק פערריסען. ליגט א בעהאלטענער כשוף אין דעם פּנים פון דעם דאזיגען מענשען? איז עפּעס בעזונדערס אין זיין געשטאלט פערהאנדען, מיט וועלכען ער ציהט יעדעס אויג צו זיך צו? – אין דעם ווינקעל שטייט דאס יונגעלע, און זיינע אויגען זענען צו יענעם מענשען צוגעקלעבט און ער קען זיי פון איהם נישט אראב נעהמען...

אמת, אזא הדרת פּנים, אזא שאנקייט, אזא ליכטיגע גאטליכע געשטאלט האב איך נאך קיינמאל נישט געזעהען! דער רב איז דאך אלט, איין אלטער גריי־גרויער מאנן, אפשר זיבציג אדער גאר אכציג יאהר, און פּארט איז זיין געשטאלט אזוי פּראכטפאל און אזוי הויך, און גרייכט אריבער איבער יעדעם אין גאנצען עולם. זיין בארד איז ווייס, ווייס ווי זילבער, אבער טויזענדמאל ווייסער זענען די געדיכטע האר אויף זיין קאפּ, און אויך זיין פּנים איז ווייס, אז מען קען עס קוים אבשיידען פון דעם ווייסען קיטעל, און אויך זיינע ליפּען זענען ווייס, און נאר די אויגען, די גרויסע ברענענדיגע אויגען, זענען שווארץ, שווארץ ווי א סאמעט, און זיי לייכטען און גלאנצען, גאר נישט ווי די אויגען פון איין אלטען מאנן. – פון מיין פריהעסטער קינדהייט בין איך געוואוהנט געוועזען דעם דאזיגען מענשען צו הערען און צו אכטען, און נאך א קינד זייענדיג האב איך געוואוסט. אז דאס איז א הייליגער גאטליכער מאנן, א גאון עולם וואס אללעס ווארט אויף זיין'ס א ווארט און וואס רבנים פון דער גאנצער וועלט קוקען איהם אין מויל אריין; אויך האב איך געוואוסט אז ער איז א גרויסער מקיל, א מענש וואס זוכט צו אלדינג רק א היתר, און אז אלע רבנים בייגען זיך פאר איהם און זיין ווארט און זיין פּסק איז פאר די גאנצע וועלט תורת משה...

און אויך היינט זעה איך נאך פאר מיר די גאנצע, גרויסע, פירכטערליכע סצענע, פונקט ווי דענצמאל אז איך בין געשטאנען צווישען עולם אין דער גרויסער שול! אויף דעם בלעמער שטייט דער רב און זיינע שווארצע אויגען לייכטען און גלאנצען ארויס פון דעם ווייסען פּנים וואס איז איינגערינגעלט אין די ווייסע האר און בארד. – מוסף איז שוין לאנג געקאנטשעט, און דער עולם שטייט און שווייגט

און ווארט אויף דעם וואס דער געטליבער מאנן וועט רעדען, און קיינער וואגט זיך ניט אפילו דעם אטהעם הויך צו ציהען.

און דער רב רעדט...

זיין שוואך, נידריג קול ווערט וואס אמאל שטארקער, וואס אמאל העכער, ביז עס ווערט גאר הויך און שטארק ווי נאך קיינמאל נישט, און ער שטייט און רעדט איבער די קדושה פון א יום-טוב און איבער די כונה וואס די תורה האט געהאט דאביי, איבער דעם יום-כפור און איבער דעם געדאנקען וואס ליגט אין דער מצוה פון אזא טאג, איבער לעבען און שטארבען און איבער די לעבעדיגע און טויטע, און איבערהויפט האט ער איבער די טויטע לאנג גערעדט, און איבער די גרויסע מגפה וואס איז ווי א רייסעדיגער שטראם אריינגעבראכען, פלוצלינג, שרעקליך, פירכטערליך, און זי רויבט און הערט נישט אויף, פרעסט און ווערט נישט זאטט, זאפט זיך אן און האט נישט גענוג — ווי לאנג, ווי לאנג, ווי לאנג נאך?...

און אויך זיינע בלייכע באקען ווערען ביסלעכווייז גערויטעלט און אויך זיינע בלויע ליפען פארבען זיך וואס אמאל רויטער, און פלוצלינג הער איך ווי ער זאגט: „ובשעה שאדם רואה יסורין באין עליו — און ווען דער מענש זעהט אז עס קומען אויף איהם יסורים, דא מוז ער זיינע מעשים בודק זיין" — און נישט נאר זיינע מעשים צווישען זיך און גאט, נאר אויך די מעשים צווישען זיך און זיין אייגען נפש; און נישט נאר די מעשים צווישען זיך און זיין אייגען נפש, נאר אפילו אויך די מעשים צווישען זיך און זיין אייגענעם גוף, צווישען זיך און זיין אייגען פלייש, צווישען זיך און זיין טאגליך לעבען!...

איך בין דערנצמאל נאך א קינד געוועזען — אבער איך געדענק אז ווען איך האב דערהערט די לעצטע דאזיגע ווערטער איז מיר קאלט און ווארעם געווארען. איך האב פלוצלינג פערשטאנען וואס ער רעדט...

און ער שטייט נאך אללעס און רעדט. ער רעדט איבער די ריינליכקייט וואס דערהאלט דעם מענשענס לעבען און איבער די שמוציגקייט וואס ברייננט אוועק דעם מענשען פון דער וועלט; ער רעדט איבער הונגער און דורשט, און אז הונגער און דורשט זענען די שלעכטע מלאכים, וואס ברענגען אוועק דעם מענשען פון דער וועלט בשעת עס קומט א מגפה צו טאדטען און אומצוברענגען, אומצוברענגען און אויסצוראטטען...

און דער נאך האר איך ווי ער זאגט: „אין דער הייליגער גמרא שטייט: „וחי בהם ולא שימות בהם — לעבען זאל מען דורך זיי, דורך די מצות, אבער נישט שטארבען דורך זיי!" און ווידער זאגען די הייליגע חכמים: „משום עת לעשות הפרו תורתך — אמאל איז א צייט אז עס איז א מצוה די תורה צו צערשטארען!" — און טיילמאלס איז פערהאנדען אז א מענש מעג צערשטארען תורה כלה, אבי צו דערהאלטען דאדורך א גאנצע וועלט מיט לעבען!..."



און איך שטיי און אללע מיינע ביינער ציטערן. — וואס וויל דער רב דען האבען? אויף וואס ציעלען זיינע ווערטער? צו וועלכען פונקט שפאנט ער צו דערגרייכען?...

און פלוצלונג הער איך א געוויין, און מיר ווערט אזוי ווארם און אזוי ווייך ביי דער נשמה. פאר וואס'זשע וויינט ער? פאר וואס'זשע וויינט ער?

און ווי איך שטיי דארט אין ווינקעלע, ציטערדיג און פלאטערדיג, הייב איך אליין אן צו וויינען און די טרעהרען גיעסען זיך...

און נאך יעצט, ווען איך מאך צו אויף איין מינוט די אויגען, זעה איך איהם נאך שטיין דארטען אויף דעם בלעמער. איך זעה אויך ווי ער שטרעקט אויס די האנד און ווינקט צו די ביידע דיינים, און אויך די ביידע דיינים זעה איך ווי זיי גייען ארויף צו איהם אהין אויף דעם בלעמער.

און אללע דריי שטייען זיי דארט אויף דעם בלעמער, דער רב, דער הויכער. און די ביידע דיינים, וואס זענען קלענער פון איהם, איינער פון זיין רעכטער און איינער פון זיין לינקער זייט. — וואס רויכט זיי יעצט דער רב איין אין זייערע אויהרען? פאר וואס איז זייער פנים פלוצלינג בלייך ווי קרייד געווארען?...

און פלוצלונג האר איך ווארטער און איך פערשטיי זיי ניט, דען די ווארטער גרייכען בלויס ביז צו די אויהרען, און אין הארץ אריין גרייכען זיי נישט. און-פארט זענען דאך די ווארטער אזוי קלאר און אזוי דייטליך פון אללע דריי מיילער הערוים געקומען!

און ווי אריינענדער קרעכץ צוקט עס דורך דעם גאנצען עולם, פון דעם בלעמער ביז צו די פיער ווינקעלעך, און נאך דעם קרעכץ הארען זיך ווארטער:

„על דעת המקום ועל דעת הקהל — מיט דער דעה פון גאט און מיט דער דעה פון קהל זענען מיר מתיר... צו עסען און צו טרינקען היינט!"...

א פירכטערליך שטילקייט, א טויט-שטילקייט הערשט אין דער גאנצער שוהל; עס ריהרט זיך קיינער נישט. עס ציהעט קיינער נישט קיין אטהעם...

אים ווינקעל פון דער שוהל שטיי איך נאך אויף מיין ארט און איך הער דייטליך ווי מיין הארץ קלאפט אין מיר: איינס, איינס און צוויי — און פלוצלינג פאלט אויף מיר א פינסטערע פירכטליכע מורא.

אויף די וואנד פון דער שוהל פלאטערען די שאטענס אהין און אהער. אהין און אהער, און איך זעה צווישען די שאטענס די טויטע וואס זענען געבעטען, וואס זענען איינגעבעטען און וואס זענען פאר-אייערגעכטען געשטארבען — א גרויסער עולם, א שרעקליכע מחנה, א גרויסע שרעקליכע עדה...

און פלוצלינג פערשטיי איך גאר קלאר און דייטליך וואס דער רב פערלאנגט פון אונז; דער רב פערלאנגט פון אונז אז מיר זאלען עסען, דער רב פערלאנגט אז יודען זאלען עסען אום יום-כפור און זאלען נישט פאסטען — וועגען דער מגפה — וועגען דער מגפה — וועגען דער מגפה...

און איך שטיי און הייב פלוצלינג אן הויך און שטארק צו וויינען.

און וואונדערליך! נישט איך אליין שטיי דא אין דער שוהל און וויין, נאר פיעלע פיעלע שטייען און וויינען הויך און שטארק, און אויך די דריי דארט אויף דעם בלעמער שטייען און וויינען, און דער גראסטער פון זיי שטייט דארט און וויינט ווי א קליין קינד...

און ווי א קליין קינד בעט ער זיך, און זיינע ווארטער זענען אזוי ווייך, אזוי זיס, און נאר טיילמאלם קומען די טרעהרען און שטיקען איהם די ווארטער אין האלז. – „עסען! גייט עסען! עס איז אזא צייט! א מאל איז א צייט אז עס איז א מצוה די תורה צו צערשטארען! און לעבען זאל מען דורך זיי, דורך די מצות, אבער נישט שטארבען דורך זיי!"

אבער אין דער שוהל ריהרט זיך קיינער נישט פונם ארט!

און ער שטייט נאך אלעס און בעט זיך און דעם עולם זאגט ער אז ער נעהמט אויף זיך די גרויסע הרבה עבירה פון עססען אום יום כפור, און אלע וועלען זיין ריין פאר גאט, אהן איין עבירה אהן איין זינד.

אבער אין דער שוהל ריהרט זיך קיינער נישט פונ'ם ארט!

און פלוצלונג אנדערט זיך זיין קול, און ער בעט זיך נישט מעהר, נאר ער בעפאהלט: „איך בין מתיר! איך, איך, איך!" – ווי פיילען גייען די ווארטער, ווי בליצען פליהען זיי הערום...

און דער עולם הערט עס – אבער קיינער ריהרט זיך נישט פונ'ם ארט!

און דא הייבט ער ווידער אן מיט זיין ערשטען קול און ער בעט זיך און וויינט ווי א קליין קינד: „וואס האט איהר אלע זיך אויף מיר געבונטעוועט? פאר וואס ווילט איהר נישט אבלאזען ביז איהר וועט זיך אליין צום נויטווענדיגסטען טרייבען? איז אייך דען וועניג וואס איך האב היינט שוין איבערגעליטען פון דער פריה ביז יעצט?"...

און אויך די דיינים העלפען איהם און בעטען זיך ביים עולם...

און פלוצלונג איז דאס פנים פון דעם געטליכען מאנן בלייך געווארען, טיף זינקט זיין קאפ אראפ אויף זיין ברוסט איין מינוט לאנג – און א קרעכץ, א טיעפער הערץ-צורייסענדע קרעכץ הערט זיך פון איין עק שוהל ביז צום אנדערן עק, און נאך דעם קרעכץ הערט זיך א מורמעלן. „גאטס ווילען איז עס", זאגט ער, און עס האט א פנים ווי ער וואלט רעדען צו זיך נאר אליין – „אכציג יאהר בין איך באלד אלט, און נאך קיינמאל נישט בין איך געצוואונגען געוועזען אויף א דין עובר צו זיין – אבער אויך דאס דא איז א דין, א תורה איז עס, א מצוה איז עס. עס איז גאטס ווילען!"

און פלוצלונג הער איך ווי ער רופט: „שמש!"

און דער שמש גייט ארויף און דער רב רוימט איהם עפעס איין אין אויער, און דערנאך רעדט ער שטילערהייט אויך מיט די דיינים עפעס, און די דיינים שאקלען מיט די קאפ, אזוי ווי זיי וואלטען איהם צו עפיס מסכים זיין, וואהרענד דעם איז דער שמש צוריק געקומען פונ'ם רב'ס וואוינונג אין הויף און האט מיטגעבראכט א פלאשעל ווין און גלאזלעך און א פאר שטיקלעך לעקעך.



און ווען איך זאל גרייז-גרוי אלט ווערען, און ווען איך זאל אזוי לאנג לעבען ווי מתושלח — יענעם טאג און יענע גרויסע ערהאבענע סצענע וועל איך קיינמאל, קיינמאל נישט פארגעסען; און נאך יעצט, ווען איך מאך מיינע אויגען א מינוט לאנג צו, זעה איך זיי נאך פאר מיר: די דריי וואס האבען געגעסען! דריי גרויסע הייליגע מענשען שטייען אויף דעם בלעמער אין א שול און עסען אום יום־כפור פאר דעם גאנצען עולם!...

•

אך, זיי זענען העלדען געוועזען!... ווער קען וויסען ווי שווער די מלחמה איז געוועזען אין דער טיעפעניש פון זייער הארץ? ווער קען וויסען וואס זיי האבען אללעס איבערגעליטטען און איבערגעטראגען?...

„איהר האט עס דוקא פון מיר געוואלט—און איך האב עס געטהון", זאגט דער רב און זיין קול ציטערט נישט מעהר און אויך זיינע ליפען ציטערן נישט ביים רעדען—„גאט'ס נאמען זאל זיין געבענשט!"

און פיעלע פונ'ם עולם עסען, עסען און וויינען...

און גאנצע טייכען ליכט און טויזענד העלע שטראהלען ברעכען זיך ארום דורך די דאזיגע עראינערונגען און גיעסען און פלייצען און ציהען זיך אהער ביז צו מיין טישעל און ביז אויפ'ן פאפיער וואס איך שרייב דארויף די דאזיגע מעשה...

* *
*

און נאך דריי קען איך וואס האבען געגעסען.

אין דער זעלביגער שעה וואס מיין אויג האט אין שול יענע גרויסע און ערהאבענע סצענע געזעהען, זענען דריי מענשען אין א הויז פונקט אנטקעגען די שוהל געזעסען און האבען אויך געגעסען, הי דריי זענען געוועזען די דריי „משכילים" שטאדטעל, דאס פענסטער ביי זיי איז געוועזען ווייט אפפען, כדי יעדער זאל קענען אריין קוקען, און אויפ'ן טיש איז געשטאנען דער סאמאוואר, ווארעניעס און עטליכע גלאזליך רויט־ווייז. אלזוי אויך דריי וואס האבען געגעסען!

זענען אויך דריי העלדען געוועזען?...

# קאטאלאג פון נייע טעאטער ביכער

| | | |
|---|---|---|
| זייבינע ליעד. | ארנשטיין | 12 |
| אוריאל אקאסטא. | פון לערנער | 25 |
| אחשורוש. | פון גאלדפאדען | 20 |
| אידישער פריץ. | פון שיי עווין | 20 |
| אגעמיינער סטרייק. | פון ה. שטיפט | 15 |
| אמעריקאנער ארבייטער. | פון יעקב סער | 10 |
| אסתר'קע. | פון עפעלבערג | 25 |
| אשה רעה. | | 25 |
| באבע מיט'ן איניקעל. | פון גאלדפאדען | 20 |
| בית דוד. | | 25 |
| בן הדור. | הורוויץ | 26 |
| בלימעלע. | | 25 |
| בר כוכבא. | פון גאלדפאדען | 25 |
| געברידער לוריע | פון י. גארדאן | |
| גאט מענש און טייפעל. | פון י. גארדאן | 50 |
| דאקטאר אלמאסארא. | פון גאלדפאדען | 20 |
| דארא. | פון שלויפענשטיין | 25 |
| דבורה'לע מיוחסת. | י. גארדאן | 20 |
| דוד אין דער וויסטע. | פון עפעלבערג | 20 |
| דוד'ס פידעלע. | | 25 |
| דער קאמפף. | פון ה. שטיפט | 15 |
| הדסה די חלוצה. | | 25 |
| הערצעלע מיוחס. | | 25 |
| ווילדע פרינצעסען. | פון י. גארדאן | 30 |
| וועבער. | | 30 |
| זשידאווקא. | פון לערנער | 25 |
| חאטע די יתומה. | | 30 |
| חינקע און פינקע. | | 20 |
| יהודית ואלאפערנוס. | פון לערנער | 20 |
| דער אינטעליגענט | פ. הירשביין | 25 |
| בוסתנאי | הורוויץ | 26 |
| בת שבע | לאטיינער | 25 |
| בן הדור. | | 25 |
| גאט פון נקמה | ש. אש | 35 |
| גליקים פערגעסענע | ד. פינסקי | 7 |
| דראמאטישע ווערק | א זאמלונג פון דיבען | |
| | בעוואוסטע דראמעס פון י. ל. פרץ | 50 |
| הוד'ל משורר | י. גארדין | 25 |
| דער הונגער דראמע | יושקעוויטש | 25 |
| דער ווילדער מענש | י. גארדין | 25 |
| די וועבער, דראמע | הויפטמאן | 15 |
| שאן און מאדלענא | מירבא | 20 |
| חנוכה היסטארישע דראמע | לערנער | 25 |
| דפני ופנחס | | 25 |
| דיען. | פון טשיריקאוו | 35 |
| יעקב ביי לבן | | 10 |
| יודישער קעניג ליער | י. גארדין | 20 |

| | | |
|---|---|---|
| כישוף מאכערין (צויבערין). | פון גאלדפאדען | 25 |
| כל נדרי. | | 20 |
| לא תחמוד. | פון גאלדפאדען | 25 |
| מירעלע אפרת. | פון י. גארדאן | 30 |
| מישקע און מאשקא (אדער די איראפייער אין אמעריקא). | | |
| מליץ יושר (רבי יאנקעלע). | | 20 |
| מעדעא. | פון גארדאן. | 20 |
| משוגעים הויז. | פון ד. פינסקי | 5 |
| משיח'ס צייטען. | פון ש. אש | 25 |
| נאכן שטרייק. | ג. טשורינ | 15 |
| עקדת יצחק. | | 25 |
| עתליהו. | | 25 |
| פאלשער משיח. | (דוד אלראי) | 20 |
| פאמיליע צבי. | פון ד. פינסקי | 15 |
| צווישען און צו שפרייט. פון שלום עליכם. | | 35 |
| צווייטער המן. | | 25 |
| קאבצענזאהן און הונגערמאן. | גאלדפאדען | 20 |
| קוני לעמל. | | 20 |
| קאקעטקע דאמע. | שמקעוויץ | 20 |
| רעפעטיציע קאמעדיע אין צוויי אקטען. | פון א. רייזען | 10 |
| שולמית | פון גאלדפאדען | 25 |
| שוועסטער. | פון י. ל. פרץ | 15 |
| שלום בית. | | 25 |
| שלמה גארגל. | | 20 |
| שמענדריק. | פון גאלדפאדען | 10 |
| שפאנישע אינקוויזיציע. | | 20 |
| שפרינצע די מעקלערען. | | 20 |
| די לעצטע השמונאים | | 20 |
| מאמאן דער געלד-גאט | לאטיינער | 25 |
| מיכה חיים | | 20 |
| מאטיע מלמד | דער כתאלער קארענבלום | 25 |
| נייער דור | גארדין | 25 |
| סדר נאכט | לאטיינער | 25 |
| סאפהא | י. גארדין | 25 |
| צובראכענע הערצער | | 25 |
| קעניג הורדוס | דר. לאנדא | 30 |
| קרייצער סאנאטא | י. גארדין | 25 |
| רבי אמנון. (ונתנה תוקף) | שארקאנסקי | 25 |
| שרה שיינדיל | לאטיינער | 25 |
| דער שדכן אפערעטא | עפעלבערג | 10 |
| שמע ישראל | דימאוו | 30 |
| שעהנע מרים | י. גארדין | 25 |
| שבת קדש | פיינמאן | 25 |
| די שחיטה | י. גארדין | 25 |

צו בעקומען אין בוכהאנדלונג:

П. Лидскій. *Варшава, Налевки 36.*